

# פסח־נומער.



№ 15—16.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־צייטונג

רעמסס דער צווייטער (פרעה פון משה׳ס צייטען).

## לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאם גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.

זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**

Налевки № 37

(135) 50—6

---

## בבית מסחר הספרים של הוצאת „תושיה"

נמצאים להמכר

### הספרים מאת ישראל יוסף סירקים.

א) **רוח חדשה** (ספור) נדפס בדפוס משובח ועל נייר טוב, מחזיק 11 בויגען; מחירו רק 50 קאפ׳ (תחת המחיר הקודם 75 קאפ׳) עם המשלוח 66 קאפ׳.

ב) **אסתר** או **אל ארץ החדשה** (ספור מחיי היהודים) מחירו 20 קאפ׳, עם פארטא 26 קאפ׳.

ג) **שלל צבעי החיים** (תמונות מחיי היהודים בזמן ההוה) מחירו 15 קאפ׳ ועם פארטא 20 קאפ׳.

ד) **כתבי בן־כפר** (ספור) מחירו 10 קאפ׳, עם פארטא 15 קאפ׳.

**להקונה את הספרים הנ"ל ביחד — מחירם רק 1 רובל עם פאר׳.**

Издат. **Тушія** Варшава. Verlag »Tuschijah« Warschau.

---

# עולם קטן

## עתון שבועי מצויר לבני הנעורים.

המו"ל: **הוצאת „תושיה" בורשה.**
העורכים: **א. ל. בן־אביגדור וש. ל. גרדון.**

**העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.**

**שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.**

**ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.**

**כל גליון מלבד שהוא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטובן.**

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

**חותמים לשנה שלמה (מראשית שנת תרס"ג או מראשית שנת האורחים) יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשיעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.**

---

**בתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:**

# „הפדגוג"

**בו יבואו מאמרים בכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, לשכת מודיעין (ביורא) בעד הורים ובתי ספר המבקשים להם מורים, ובעד מורים המבקשים להם משרות ומקומות להוראה יעוד.**

**מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1.50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ לרבע שנה. לחותמי „העולם קטן" 2 רובל לשנה, 1 רובל לחצי שנה, 50 קאפ. לרבע שנה. פרוספקט מפורט ע"ד ה„עולם קטן" ו„הפדגוג" ישלח חנם לכל דורש.**

**האדריסה:**

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

**בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.** 4—1

---

170 **ד"ר י. אלאפין** 6—12

**ווארשא, טלאמאצקי 1.**

בעהאנדעלט הויט-, וועגערישע קראנקהייטען און מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה און פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

---

Зеркальный фабрикантъ
**ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,**
Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צוראטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

(104) 25—11

---

## גאלוואנישע אנשטאלט.

**יה׳שע טיטעלבוים דזיקא 18**

נעהמט אן צו פערגילדען, פערזילבערן, פערניקלען, אקסידירען, אונ בראָנזירען פערשיעדענע מעטאל ארבייט. עס ווערד אויך אנגענומען אלטע זילבערנע אונ פערזילבערטע כלים איף צו פרישען ווי נאייע. גאראנטירט פיר דויערהאפטיגקייט אונ צו גאנץ מעסיגע פרייזען.

**נייעס!** פערשיעדענע אייסלענדישע פרעססונגען, ווי אויך דאמעןגירטעל מיט אלער ארט שנאלען גאנץ ביללינ.

(99) 20—17

---

# לעזט ביכער

אין 5 שפראכען אין **צוקערמאנ׳ס** לייה-ביבליאטהעק

194 5—1

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

**יי ש ושפירט של**
**פסח**
**פון זאוואד יפה אין גראדנא**
**גוטען יי"ש צו מעסיגע פרייזען.**

167 צו ווענדען: 5—5
**Заводу Яффе Гродна.**

---

## נייעס!!

שרייב העפטען מיט יודישע אב־ לאשקעס. אויף דער אבלאשקע איזט איין שעהנער ציוניסטישער בילד מיט דיא בילדער פון די שרייבער: סמולנסקין, גורדון, מאפו. ערטער. אויף דער 2־טער זייטע איזט נאציאנאל לידער.

Писче-бумаж. магазинъ
**П. Рабиновича, Фастовъ Кiев. г.**

---

# נייעס!

## פראקטיש און ביליג!

**טאשען-קאססעם** (½ לויט וואג) אין ניקעל אונ פלאטינ, זעהר פראקטישע ספארזאם קאססעס אנצוזאמלען זיך א סוממע, דורך אריין לעגען אין קאסעלע יעדען טאג א 10 קאפעקען שטיק, פון וועלכען מען קאן נישט ארויס נעהמען ביז עס קלויבט זיך אן 5 רובעל.

דאס קאסעלע איז זעהר ניצליך פיר פרויען אונ קינדער אונ איבערהייפט פיר אינקאסא אונ אסעקוראנץ אגענטען איבער צו געבען עס די קונדען גראטיס. אלס פראבע שיקען מיר אויך ארויס 1 דוצענד.

אגענטען מיט גוטע בעדינגונגען ווערען געזוכט.

— פאטענט № 19401 —

8—2 אדרעסע: (151)

**В. Тененбаумъ**

Варшава, Гусья 27, кв. 37.

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע: Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש בוי זיך אויפ׳ן ארט אגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ״ליכע ערקלערונג **חנם לכל דורש.**

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

עס איז איצט ניי ערשיענען

# „פרצ׳ס בלעטליך"

א זאמלונג פיר ליטעראטור, געזעלשאפט אונ עקאנאמיע.

ענטהאלט ערצעהלונגען, געדיכטע, פעליעטאנען, קריטיק, וויצען, אפאריזמען, אונ פאפולערע וויססענשאפטליכע ארטיקלען מיט אבבילדונגען פון פערשיעדענע בעריהמטע שרייבער. דער זשורנאל ענטהאלט 580 זייטען אין צוויי בענדער, פיין געדרוקט. פרייז פאר ביידע בענדער **בלויז 1 רובעל מיט פארטא.**

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג

**Я. Лидскій Варшава, Налевки 38.**

קאטאלאג פון פערשיעדענע זשארגאנישע ביכער, נאטען פיר פידעל אונ פיאנא אונ פון בילדער ווערד נאך פערלאנג פריי געשיקט.

3—1 195

---

## שפה לנאמנים

(סטהרא וכרי־סטומטיה ללמוד שפת עבר)

מאת **א. ש. פרידבערג** ז"ל

עם תרגום המלות ללשון רוסית ומאמרים ברוסית לתרגמם עברית.

(186) מהדורה שניה. 4—2

מחירו 70 קאפ׳ עם משלוח.

המכר הראשי בהוצאת „תושיה"

**Verlag „Tuschija" Warschau**

---

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 50 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.


# יודישע פאלקס־צייטונג.

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.




די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהרליך 10 שילינג
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 12 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.


8 April 1903. Nr. 15—16. י"א ניסן תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

### דעם נומער 13

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף דריי פיערטעל־יאהר 3 רובל; א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכם'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1־טען אפריל צושיקען

### די צווייטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערען.

דער ערשטער באנד „אלע ווערק פון שלום עליכם" וועט ארויס פון דרוק באלד נאך פסח און גלייך צעשיקט ווערען אלע אבאנענטען, וועלכע האבען איינגעצאהלט פאר דעם. די ווייטערדיגע בענדער וועלען ערשיינען צו דער צייט, יעדער באנד אם ענדע פון יעדען פיערטעל יאהר.

### די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווינציגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט. 4) די אבאנענטען, וואס האבען אריינגעשיקט דעם 1-טען יאנואר 1 רובל 25 קאפ. אדער 1 רובל 50, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען די ערשטע 75 קאפ און די צווייטע 50 קאפ. לויט אבאנאמענט פרייזען וואס געפינט זיך אויף יעדען בלאט.


**אינהאלט:** מעבדות לחרות; מ. פרייד. - די קשיות (שיר); א. מאנפריד. — מצות־שמירה (א בילד); י. ד. פרייער. — וי זינדיגט; יהודה שטיינבערג. — צום סדר (א בילד); משה טייטש. — די מצה (א פסח'דיג לידל); ש. ד. פעסטון. — דער סדר (אילוסטראציע). — דער פארלארענער קיטעל (א מעשה אין בריף); ל. ף. — מצה (סקיצע); מ. עהרליך. -- די צווייטע קשיא; עזרא גאלדין. — דער דאקטאר פילאזאף (ערצעהלונג); מ. ספעקטאר. — נייעס פון דער וואך: פאליטישע נייעס; I וועלט נייעס; II יודישע נייעס. — ידיעות פון דובאסאר. — דער ענין דרייפוס. — נ. ג. זאקס (ניעקראלאג). — אלערליי. — מודעות

**פעליעטאן:** ערב־פסח איבער'ן בוג; שלום־עליכם.


## מעבדות לחרות.

די לאנגע אין גשן ווערד פון טאג צו טאג אלץ ערגער, ס'פעהלען כחות צו דערטראגען דעם שווערען יאך פון גלות. דער עולם ווערד וואס א מאל מעהר פארגרעבט און שפיערט שוין ניט דעם בלייענעם בייטש, וואס מאכט אן אונגאטירליכע וואונדען אין דעם שוואכען אויסגעמאגערטען לייב. מאמעס ווארפען מיט אייגענע הענט די נייגעבארענע קינדער אין נילוס, בעסער—זאגען זיי—זאלען זיי אויפפרעסען

די קראקאדילען פון ים אײדער אויפצוהאדעווען נייע קנעכט פאר פרעה'ן. די ריינע תורה פון די אבות איז אויך פארגעסען, מכשפים און חרטומים פארבלענדען די אויגען מיט נייע קונצען, און עס איז ניט דא װער זאל ליכטיג מאכען אין די מוחות, װער עס זאל אויפווייזען דעם ריינעם אמת. ויאנחו בני ישראל און יודען זיפצען פון דער שווער־רע ארבייט, זיי האבען שוין קיין כח ניט דעם אטעם אבצוציהען, ציגעל הייסט מען מאכען און קיין שטרויה איז ניט דא א לעק, פתום און רעמסס בויט מען פאר די מצריים און אליין ליידט מען הונגער, מען חלש'ט פון דארשט, ניט דא וואו אװעקצולעגען דעם פארמאטער־טען קאפ, ניט דא וואו זיך אבצורוהען נאך דער בלוטיגער עבודת־פרך. און דאס לעבען אין גשן װערד נמאס ומאוס, מען קוקט אוים ווי מיט ליכט די ישועה פון אויבען, די פארוויינטע אויגען קעהרען זיך מיט א בקשה צום הימעל: און מען בעט רחמים.

די הימלען אבער זענען פארוואלקענט, די אבגעמאטערטע פאר־שטיקטע קולות דערגרייכען ניט די הויכע מקומות און די פארביטערטע הערצער קומען נאר אב מיט א קרעכץ, א זיפץ. פראבירט זיך א מאל װער אננעמען פאר דעם כלל; װערד א געשריי: יודען שלאגען מצריים... און די צרות פארגרעסערען זיך, און אין גשן איז ווידער א נייער חורבן. מען וויינט, מען שרייט, מען איז גוזר תעניתים און דערמיט קומט מען אב...

נאר אט בעווייזט זיך פון ווייטען אין דער מדבר א קליין פייערל, וואס געהט שפעטער אריבער אין א גרויסען פלאם. הסנה בוער ואיננו אוכל. פון דעם טרוקענעם דארן וויל קיין אש ניט װערען. און דער פייער צינדט אן די אויסגעלאשענע הערצער, די פארשלאפענע פנימ'ער לעבען אויף פון דאס נייע, אין מחנה װערד לעבעדיג. מרים'ס פויק מאכט א גערודער און דער עולם רוקט זיך פון דעם פינסטערן גשן. פאמעליך איז דער גאנג, דער װעג איז א ווייטער, נאר משה'ס װערטער געבען צו מוט, בלאזען אויף ענערגיע, און מען שפירט ניט דעם וויסטען מדבר. מען בעגעגענט זיך מיט „מן" פון הימעל, מען טראגט איבער געדולדיג דעם דארשט, דער הויכער אידעאל מאכט פארגעסען די טרוקענע ברויט־פראגען. דער ציעל איז ווייט, נאר טייער, די פרייהייט ציהט צו זיך ווי א מאגנעט די אויסגעגלייכטע ביינער שטארקען זיך און ביי דעם געדאנק װעגען א מאליגע שווערע קייטען און די מצרים'ס בייטשען און פלאגען געהט אריבער א שוידער איבער די גלידער און דער עולם מארשירט ווייטער מיט געזאנג, פול מוט און האפנונג. נאר װען ניט װען רייסט זיך ארויס פון דער מחנה א רייכער קורח אדער שלעכטע מענשען דתן־ואבירם. פון א קלענסטען װארט מאכען זיי דעם גרעסטען גערודער, זייער בייז הארץ קאן ניט רוהיג צוקוקען, אז דאס יודישע פאלק לעבט אויף, זיי פארדריסט וואס דווקא דער אדער יענער שטעהט ביים שפיץ, זיי זענען מקנא די גדלות פון משה'ן און די חכמה פון אהרנ'ען. און זיי פראבירען ארויסצורופען מחלוקת, ברענגען א פירוד הלבבות אין דעם שטילען פאלקס־לעבען.

די פאלשע אינטריגעס אבער האבען ניט קיין קיום אויף לאנג. דער געזונטער יודישער קערפער האט אין זיך א לאנגען געדולד און מיט דעם „אז ישיר" אין מויל געהט דאס פאלק ווייטער, הינטער זיך איבערגעלאזען אלע שוואכע און שלעכטע מדות! די פארדארבענקייט פון שקלאפען, די שפלות פון קנעכט, דעם איינגעהויקערטען ריקען פאר יעדען קלענסטען פקיד, די אייביגע האזען־שרעק פאר א ליאדע שווארצען פאסטוך, אלץ איז געקליבען פון הינטען אין דעם חשכ'דיגען גשן, בעגראבען אויף אייביג, עס זאל שוין קיין מאל ניט אויפלעבען ווידער און דאנגענען קלויבט דאס פאלק אין דעם לאנגען מדבר נייע קרעפטען אויף א נייעם פרייעם לעבען אין גאטס ברייטע װעלט.

ם. פרייד.

---

# די קשיות

פרעג מיין קינד די אלטע קשיות,
וואס די קענסט נאך פון דיין רבי'ן;

---

# פעליעטאן.

## ערב־פסח איבער'ן בוג

פון

### שלום־עליכם.

דער בוג האט זיך צעשפיעלט — ס'איז געווען ערב־פסח.

א גאנץ ווינטער שלאפט ער, דער אלטער בוג, אונטער דער זילבער־ווייסע שניי־ענדיגע קאלדרע, פארקאוועט אין א פאנצער פון אייז, רוהט זיך אפ אונטערען קאלטע גלאז; מע זעהט איהם ניט און מע הערט איהם ניט. דאס הייסט אינווייניג דא־טען אונטערן אייז קאכט אפילו, קלאקאטשעט, דאס וואסער לויפט, די פיש שווימען, שוועבען הין און צוריק, און אלע איבעריגע באשעפענישען, וואס ווידמען זיך אין די אב־גרונטען פונ'ם טייך, יאגען זיך, שלאגען זיך, שלינגען איינס דאס אנ־דערע לעבעדיגערהייט, ווי דער מנהג העולם איז, ווי דער שטיינער איז פון ששת ימי בראשית. נאר אויבען אויפ'ן אייז איז שא שטיל; מע הערט ניט פון איהם קיין פיפס. און מענשען געהען דרעמאלט איבערן בוג הין און צוריק פראנק און פריי; פוהרען פאהרען זיך, שליטענס שליטלען זיך, קונדייסים גליטשען זיך; ער רוהט, ער שלאפט דער אלטער בוג.

קומט די צייט פון ערב־פסח חאפט ער זיך אויף דער אלטער, בלאזט זיך אן, הויבט אן טרישטשען, קנאקען און שפאלטען זיך, צע־ברעכט דעם גלעזערנעם פאנצער, צעררייסט די ווייסע קאלדרע אויף שטיקלעך, הייבט זיך אויף, צעשפרייט די פארשלאפענע גלידער, הייבט אן ברומען, בורטשען און זשומען, טרייבען גרויסע מורא'דיגע שטיקער „קריהע" און עס לאזט זיך הערען פון דערווייטען א משונה מאדנע הולך, א מין קרעכץ, א רייב פון שטיינער, א צונויפגעגאסענער סקריפ פון א סך־א סך רעדער.

שען, גרויסארטיג שען איז צו זעהען דעמאלט דעם בוג, שטעהן פון דערווייטען ערגיץ אויף א בריק אדער אויף א שפיץ בארג און קוקען ווי א גרויסע א מורא'דיג גרויסע שטיק אייז פון א האלב ווערסט די גרוים, רייסט זיך אפ, ריהרט פונ'ם ארט, שאקעלט זיך און שווימט ווי א לעבעדיגע זאך, ווי א מורא'דיגע חיה, א מין עלפאנט א זעלכער, און תיכף נאך דער חיה שווימט נאך א חיה, קריכט גלייך אויף איהר, טהוען זיך א זעץ, אריינגעפאהרען איינס אינ'ם אנדערען, בלייבען שטעהן א ווילע פארשטומט, שפילען זיך ווי דער שור הבר מיט'ן לויתן, און פון אזא שפיעל ווערען זיי ביידע צעשפאלטען אויף שטיקער און די שטיקער אויף קליינע שטיקלעך און אזוי ווייטער און ווייטער, און זיי

פרעג דיין טאטען, פרעג דעם „מלך״,
ער וועט דיר א תירוץ געבען...

וועסט מיין קינד דאך עלטער ווערען,
וועסט צום אייגענעם שכל קומען;
און מיט קשיות פון דעם לעבען
וועסט דו זיין ארום גענומען.

קשיות הארבע, קשיות שווערע,
וועלען צו שטעהן, ניט אבטרעטען;
און א תירוץ ביי דיין שכל
וועלען זיי מיט העזה בעטען...

און די אלע לעבענס-קשיות
וועלען דיר קיין רוה ניט געבען,
און וועסט בלאנזען אהן איין ענפער,
אהן א טאטען, אהן א רבי'ן...

א. מאנפריד.

---

## מצות־שמירה.

(א בילד פונ'ם חסיד'ישען לעבען).

דאס בית־המדרש ווערד וואס א מינוט ליידיגער. דער עולם ענדיגט געשווינד מיט'ן דאוונען און מיט די „סיומ'ס" און איילט א היים איבערבייסען און בעצייטענס מבער זיין דאס חמץ. משה ברוך סופר האט לאנגזאם אויסגעטאן טלית און תפילין, זיי צוגעלייגט, זיך געגעבען א גלעט איבער די לאנגע שווארצע בארד און ווארפענדיג א בליק ארום זיך און בעמערקענדיג, אז ס'איז שוין כמעט קיינער נישט דא אין בית־המדרש, האט ער זיך גענומען איבערציילען דאס פארדינסט פון די היינטיגע „סיומ'ס".

„סיומ'ס" האט ער אויף יעדען ערב־פסח געהאט צעהי און שטענדיג פון די אייגענע קליינע מסכת'לעך. קאנדידאטען אויף די „סיומ'ס" זענען אויך געוועזען יעדעס יאהר די אייגענע בכורים. נאר דאס געלד וואס ער האט פארדינט פון די „סיומ'ס" איז נישט געווע־זען תמיד גלייך.

— דאכט זיך נישט קשה! — האט ער צו זיך גערעדט, בשעת ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א פולע האנט מיט קליין געלד.

אויסגעציילט האט זיך פינף גולדען מיט אכצען גראשען, נאר אריינשטעקענדיג נאך אמאל די האנט אין טאש, האט ער געפונען דארט נאך א זעכסער. „סך הכל פינף גולדען מיט פיער און צוואנציג גראשען, מעהר ווי פון א גאנצע וואך מזוזות שרייבען", האט ער ווייטער געזאגט צופרידען און דאס פנים זיינס האט געלויכטען פאר שמחה. אריינלייגענדיג צוריק דאס געלד אין דער קעשענע, האט ער גענומען דעם טלית־זאק און זיך געלאזט צו די טיר.

נאר ארויסגעהענדיג אויף דער גאס און דערמאנענדיג זיך, אז ער געהט א היים, איז איהם דאס פנים געווארען טונקלער און די טריט זיינע קורצער און פאמעליכער. א פרייטאג אדער איין ערב־יום־טוב איז פאר איהם תמיד געוועזען א טויט. מלכה שטעהט און פייניגט: משה ברוך גיב אויף חלות! משה ברוך ג'ב אויף פלייש! משה ברוך דאס, משה ברוך יענץ — און דו געה צעדרייס דיך, אז אין דער קעשענע איז נישט דא א קאפעקע. די לעצטע צייטען פלעגט ער טאקי א גאנצען פרייטאג זיצען אין בית־המדרש, א היים קומען צו ליכט־צינדען, חאפען די אטלאסענע קאפאטע מיט'ן שטריימעל און לויפען אין קלויז. פון קלויז פלעגט ער אויך א היים געהן פארזיכערט, זאגען א ברייטען „גוט שבת" און גאר נישט. ער ווייסט, אז זיין ווייב מלכה איז א כשר'ע יודענע און וועט נישט געבען דעם שטן קיין מאכט צו פארשטערען דעם שבת. נאר ערב פסח איז א צרה. מען דארף מבער זיין דאס חמץ, אכטונג געבען, אז עס זאל חלילה נישט איבערבלייבען ערגעץ וואו א קרישקעלע, א ברעקעלע, אויסטרייסלען די מלבושים, מאכען חרוסת און נאך כדומה אזוינע מאנסבילשע ארבייט. ער דערמאנט זיך וואס מע ברויך נאך אלס צו קויפען אויף

---

שווימען, יאגען, טרייבען איינס דאס אנדערע, לאזען איבער נאך זיך אויפ'ן בלויען וואסער א ווייסען סימן, און דאס וואסער הייבט זיי, טראגט זיי, טרייבט זיי, קלאפט זיי, שפאלט זיי, ברעקעלט זיי, מאכט פון זיי א קאשע און צעגיסט זיך מיט זיי אינאיינעם איבער אלע ברעגען, שפאנט אריבער די גרעניץ, פארטרענקט אלסדינג וואס באגעגענט זיך איפ'ן וועג, לייגט נישט קיין כבוד אויף קיין זאך, אויף קיין מענשען, אויף קיין הייזער, מאכט אן שאדענס, היזקות אהן א שעור.

דער כוג, אז ער צעשפילט זיך, פאלט אן א פחד אויף די ארעמע לייט, וואס זיצען ביים ברעג טייך און אויף אלע יודען פון דער שטאדט חאשטשעוואטע, ווארום חוץ די היזקות, וואס מע האט פונ'ם „נעוויסער" יערד חאשטשעוואטע גלאט אפגעריסען פון דער גאנצער וועלט, ניט ארייז ניט ארויס, דעם פאראם קאן מען נישט לאזען און איבער חאפען זיך מיט א שיפעל בעדארף מען איינשטעלען דאס לעבען. און ווען קומט דאס אויס? סאמע ערב פסח, סאמע דעמאלט ווען פישל דער מלמד בעדארף אריבערפאהרען פון באלטע קיין חאשטשעוואטע אויף פסח א היים.

ב.

צוויי מאל אין יאהר, פינקטליך ווי א זייגער, ראש חודש ניסן און ראש חודש אלול, פאהרט פישל דער מלמד פון באלטע קיין חאשטשעוואטע אהיים צו זיין ווייב און קינדער—אויף פסח און אויף סכות. כמעט דאס גאנצע לעבען זיינס איז איהם באשערט צו זיין א נאסט ביי זיין ווייב און קינדער, אפילו זעהר איין אנגעליינטער גאסט אבער אויף א קורצער צייט, אויף יום־טוב, און אוועק גענאנגען דער יום־טוב — איז מארש צוריק קיין באלטע, צוריק צום קנעלונג, צוריק צום קאנטשיק, צו דער גמרא, צו די גראבע פארשטאפטע קעפ, צו נע ונד זיין, צום וואלגערען זיך אין דער פרעמדר און צום בענקען שטילער־הייט א היים.

דערפאר אבער, אז פישל קומט אהיים איז ער א קיסר! בת שבע זיין ווייב נעהט איהם ארום אקעגען, ריקט אן דאס טיכל, ווערד רויט ווי פייער, טהוט איהם א פרעג פארבייגעהענדיג „וואס מאכסט דו?" און ער ענטפערט איהר „וואס מאכסט דו?" און אפרים'קע, זיין זוהן, א בר־מצוה יונגל, גיט איהם אפ שלום און דער טאטע טהוט א פרעג דעם זוהן: „וואו האלסט דו, אפרים, אין לערנען?"... און רייזל זיין טאכטער, נישט קיין מאום מיידל מיט א קליין פארפלאכטען צעפל, חאפט איהם ארום קישען.

— טאטע וואס האסטו מיר געבראכט א מתנה אויף יום־טוב?

— סיץ אויף א קליידל, און דער מאמע א ניידענע פאטשיילע.

נא, גיב דער מאמען די פארטשיילע.

און פישל נעמט ארויס פון טלית־זאק א נייע א ניידענע (מאלט אייך א האלב־זיידענע) פאטשיילע און בת שבע ווערד נאך רויטער.

יום טוב אונ עס ווערד איהם היים. מילא מצות, אייער, קארטאפעל, בארשט איז שוין דא. פלייש, האט ער בעמערקט, לי..ט אויך שוין אין „ווייקשאף", — פון וואנעט זי האט גענומען דארויף ווייסט ער אפילו נישט, נאר מסתמא האט זי דאך נישט געגנב'עט, די פינגער פון די לינקע האנט בייגען זיך איהם אן איינציגווייז אונ ער ציילט: ווייז אויף ארבע כוסות, ליכט, מצות־שמירה...

ווער ווייסט וויפיעל פינגער עס וואלטען זיך נאך איהם איינ־געבויגען, ווען נישט איציק שמש, וואס האט איהם פארביי־געהענדיג דערמאנט, אז ס'איז שוין שפעט אונ ער זאל צואיילען. משה ברוך האט טאקי צוגעאיילט אונ אין א פאר מינוט שפעטער איז ער שוין געוועזען ביי זיך אין דער היים.

— ס'קאצעל קומט, מיין טייערער מאן! האט איהם מלכה גע־געבען א „ברוך הבא" ביי דער טיר — דער שוסטער דארינגען האט שוין פארברענט דאס חמץ אונ מיין צדיק'דיגער מאן איז נאך נישט פארטיג מיט'ן אנבייסען.

משה ברוך האט גאר נישט געענטפערט, האט אנידערגעלעגט דעם טלית־זאק אויפ'ן ספרים־שענקל, זיך געוואשען אונ זיך געזעצט אנבייסען ביים קליינעם טישל.

— איך ווייס נישט וואס דו קלערסט ביי דיר, — האט מלכה ווייטער אנגעהויבען — מע ברויך ליכט, מע ברויך...

נאר משה ברוך האט זי נישט געלאזט אויסרעכענען דעם גאנ־צען צעטעל, ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע פיער גראבע צעהנערס אונ האט זיי אנידערגעלעגט אויפ'ן טישל.

מלכה איז ארויס פון געדולד:

— צי ביזט דו משוגע צי מטורף? א פערציגער גיט ער מיר! משה ברוך, איך זאג דיר, אז דו וועסט האבען א פארשטערטען יום־טוב!

— מעהר האב איך נישט.

— ווי הייסט דו האסט נישט? — איז מלכה ארויס נאך מעהר צערייצט — אונ דאס סיום־געלד?

— דאס ברויך איך אויף מצות־שמירה.

— מצות־שמירה! — האט מלכה א געשריי געגעבען נישט מיט איהר קול — ביזט קראנק צו עסען פראסטע מצות? לייבעלע זאל ארומגעהן יום־טוב מיט די פינגער ארויס אונ דער טאטע זאל פרעסען מצות־שמירה.

ביי זיך אין הארצען ווייסט משה ברוך גאנץ גוט, אז נישט דאס עסען מצות־שמירה איז ביי איהם דער עיקר. אמת פון פינף יאהר אן עסט ער שוין נישט קיין פראסטע מצות, נאר בשעת הדחק קאן ער דאך אויסבייטען א פאר מצות אין קלויז. דער עיקר איז דאס מאכען די מצות־שמירה, דאס ברודערשאפט, די שמחה, וואס מען פיהלט דעמסטמאל. א גאנץ יאהר ביזט דו כלומר'שט אויך א חסיד, דאווענסט אויך אין קלויז, שאקעלסט דיך גלייך מיט דניאל וואלפ'ן דעם גביר אונ דאך ביזט דו אזוי ווי „לאמיך געמאך". קיין „עליה" מ'שטיינס געזאגט קאנסט דו דיר נישט קויפען, אין „גערער' קלויז קאסטען „עליות" טייער. קיין „הקפה" שמחת־תורה קומט אויך נישט אוים פאר דיר — פארט נאר א סופר... דאס גאנצע ביסל שמחה איז נאר ערב־פסח ביי די שמירה־מצות, דענסטמאל פיהלסט דו, אז דו ביזט א גלייכער מענש מיט אלע: מיט'ן דין, מיט דניאל וואלפ'ן, מיט אליקום שמואל'ן אונ אפילו מיט'ן רב... איציק שמש ברענגט דיר צו דיין זעקעלע מעהל, וואס איז מיט אלעם גלייך צום רב'ס זעקעלע צום גביר'ס זעקעלע. יצחק מרדכי, דער גבאי פון קלויז, מאכט א צעטעל, מען שרייבט אויף יעדענס נאמען אונ צווישען אלע נעמען שטעהט דיין נאמען אויך בפירוש: „מ"ה משה ברוך סופר סת"ם". מען מאכט א־קלפי, א גורל הייסט עס, וועמעס מצות מען זאל פריהער אבבאקען. נישט דא קיין כבודים, קיין שענע יודען; אלע גלייך, אונ אלע מיזען ווארטען ביז צום סוף אונ העלפען מאכען יעדערענס מצות. עפים ווערד דיר פרייהליך אויפ'ן הארץ, אז דו זעהסט ווי דניאל וואלף קאטשעט דיינע מצות, דער דין צעטיילט דיין „מיירע", דער רב גיסט וואסער אין בעקען פאר דיינע מצות, אונ דו פיהלסט, אז דו

רוקט אן דאס טיכעל איבער די אויגען, האפט זיך צו בעל־הבת'ישקייט, דרעהט זיך ארום איבערן שטוב אונ שטעהט אויף איין ארט.

— ווייז נאר, אפרים'קע, די גמרא, לאם איך דיך פארהערען, וואו האלסט דו אין לערנען?

אונ אפרים'קע איז דאך דאס וואהלע יונגעל, דער גרויסער מתמיד, די שענע תפיסה מיט'ן גוטען זכרון אונ וויל, וויל לערנען! אונ פישל הערט איהם ווי ער זאגט די גמרא, פארעבט איהם אונ דאס הארץ וואכסט, קוועלט, די נשמה פרייט זיך—א וואהל יונגעל אפרים'קע! א צאצקע!

— אויב דו ווילסט געהן אין מרחץ ליגט אט אנגעגרייט א העמד.

אזוי זאגט איהם בת־שבע פארביי־געהענדיג, נישט געקוקט גלייך אין די אויגען אריין, אונ פישל פיהלט זיך עפים משונה גוט, ווי א מענש וואס האט זיך ארויסגעכאפט פון געפעננעניש אויף דער פרייער ליכט־גער וועלט צווישען איינענע נאהענטע אונ געטרייע. אונ עס שטעלט זיך איהם פאר א שטארק אנגעהייצטע באד מיט אסך היץ, ער ליגט שוין גאנץ הויך אויף דער אויבערשטער באנק מיט נאך יודען אונ בע־זעמט זיך אונ שמייסט זיך אונ וויל נאך.

— אוי נאך, נאך! גוואלד, יודען, נאך!

אונ געקומען פון באד א פרישער, א צאפעלדינער, כמעט א נייגע־בארענער, נעמט ער זיך קודם צו דער יום־טוב'דיגער קריאה, טהוט אן די שבת'דיגע קאפאטע מיט'ן נייעם גארטעל, חאפט א קוק פאר־בייגעהענדיג אויף בת־שבע'ן אינ'ם נייעם קליידל מיט דער זיידענער פאטשיילע, נאך גאר א היבש ווייבל כ'לעבען, א צנועה אונ א צדיקית, אונ געהט מיט אפרים'קען אין שוהל אריין; געקומען אין שוהל אריין פליהען שלום־עליכם'ס פון אלע זייטען, „ברוך הבא רב פישל, וואס מאכט א יוד?"—„א יוד קנעלט." „וואס הערט זיך אין באלטע?"—„וואס זאל זיך הערען? נישטא קיין נייעס."—אלע מאל, אלע האלבע יאהר דער איינענער נוסח, נישט געמינערט א ווארט. אונ ניסל דער חזן שטעלט זיך דאווענען מעריב, צעקאוט זיך אויף זיין זיסער שטימע, וואס געהט וואס ווייטער אלץ שטארקער אונ שטארקער אונ אז עס קומט צו „וידבר משה את מועדי ה' אל בני ישראל" דערלאנגט ער מיט איהר הויך כמעט ביז'ן הימעל, אונ אפרים'קע שטעהט ביי דער זייט אונ דאווענט, דאווענט געשמאק אונ פישל'ס הארץ וואכסט, קוועלט, די נשמה פרייט זיך — איין עהרליך קינד אפרים'קע, א כשר'ס!

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב!

פארטיג דער גאנצער סדר אויפ'ן טיש: די ארבע כוסות, דער מרור, די זרוע מיט די בצים מיט'ן חרוסת מיט אלע זיבעצען זאכען. פארטיג די „עסע בעט", צוויי בענקלעך מיט א גרויסער קישען. אט באלד ווערד פישל א מלך, אט באלד זעצט זיך פישל על כסא מלכותו מיט'ן ווייסען קיטעל אויפ'ן טראן, אונ בת שבע די מלכה מיט דער נייער

לעבסט, אז דו ביזט אויך נאך עפיס ווערט אויף דער וועלט. נאר געה דערצעהל דאס א יודענע, וועט זי לאכען — זי קאן דען דאס פארשטעהן? זי שרייט אין לי, מען ברויך נישט קיין מצות־שמירה, מען ברויך דאס, מע ברויך יענץ... אונ אפשר איז זי גערעכט? אפשר איז טאקי גלייכער צו קויפען שטיוועלעך? א גאנצען ווינטער געהט נעביך דאס יונגל אין חדר מיט די פינגער ארויס אונ טרייסט זיך מיט די האפנונג, אז אויף פסח וועט איהם דער טאטע קויפען נייע שטיוועל אונ דער גוטער טאטע ברויך מצות־שמירה. טאמער וועט איציק שמש בארגען א האלבען טאפ מעהל? — זאל ער אזוי געזונט זיין! פאריאהרען האט ער אפילו נישט געוואלט געבען פון די הענט ארויס. „הא גברא והא טראסקא!" — האט ער געשריגען — דא האסט דו מעהל אונ דא גיב געלד...

מיט די געדאנקען האט משה ברוך פארברענט דעם חמץ, ארויסגענומען פון וועש־קויבער א העמד אונ האט געוואלט געהן אין מקוה אריין, נאר מלכה האט איהם איינגעהאלטען ביי דער טיר:

— משה ברוך, איך זאג דיר נאך א מאל, אז דו זאלסט אנדעריש נישט טון, דאס קינד עסט זיך נעביך אויף פאר צרות...

— יא! יא! איך וועל שוין קויפען! — האט משה געענפערט געשווינד אונ איז ארויס אויף דער גאס אונ איז טאקי געוועזען בדעה צוריקגעהענדיג פון מקוה צו קויפען שטיוועלעך.

אין מרחץ האט משה ברוך פארברענגט א פאר שעה. „מהיכא תיתא — האט ער זיך געטראכט — ערב־פסח... צייט איז דא... זאל דער גוף אויך וויסען פון עפיס גוטס!... צוריקגעהענדיג האט ער בעמערקט, אז דער „גערער עולם" געהט שוין צו די מצות.

מילא, צו קויפען שטיוועלעך וועל איך דאך נישט פארשפעטיגען אונ וואס קאן עס מיך ארען אז איך וועל זיין ביי די מצות?— פאלט איהם איין א געדאנק — אונ ווער דארף דען וויסען אז איך האב נישט קיין מעהל?" אונ אײלענדיג געשווינד א היים אוועקצולעגען דאס ברודיגע העמד, אונ צוזאגענדיג נאך א מאל מלכה'ן, אז ער געהט קויפען שטיוועלעך, האט ער זיך געלאזט געהן צום בעקער.

דער גאנג איז געוועזען אפילו אביסל סמוטנע, עפיס נישט די שמחה פון פאר א יאהרען, נאר משה ברוך האט זיך געשטארקט אונ געמאכט פעסטע טריט... דער הויף, וואו דער בעקער האט געוואוינט האט געקאכט ווי א קעסל. צוויי בחורים'לעך האבען געשארט בעקענס, עטליכע יונגע לייט האבען געשאבען קאטשעלקעס אונ האבען דערוויל אויסגעשמועסט א פשט'ל פון „בדיקה ובטול". אויף דער שוועל איז געשטאנען איציק שמש מיט פולע הענט זעקעלעך מעהל. משה ברוך האט זיך געוואלט אויסבעהאלטען, אז דער שמש זאל איהם נישט זעהען, נאר ער האט איהם בעמערקט אונ האט איהם דערלאנגט א זעקעלע: „איך האב שוין מעהל, מיין ברודער האט מיר געשיקט פון זגערש", האט משה ברוך האסטיג ארויסגערעדט אונ איז אריין אינעווייניג. אין דער שטוב זענען שוין געוועזע אלע „אנשי־שלומנו". דער רב איז געזעסען אין א זייט אונ האט זיך עפיס שטארק מפלפל געוועזען מיט'ן מורה־הוראה, ווייטער אביסל איז געשטאנען דער דין אונ האט אויסגעווישט א בעקען מיט דער פאלע, נאך ווייטער איז געזעסען ביי א קליין טישל דער „רעדלער", א דאר יונגערמאנטשיקל אונ האט זיך געקרייזעלט די פאות אונ אין מיטען דער שטוב זענען געשטאנען אלע חסידים ארום דעם לאנגען טיש מיט קאטשעלקעס אין די הענט.

— דאך זיך אויסגעגראבעלט! — האט אליקום שמואל א געשריי געגעבען, בשעת משה ברוך איז אריין אין דער שטוב — מע ווארט דאך שוין אויף דיר א האלבע שעה!

איין אנדער יאהר וואלט משה ברוך געפיהלט זיך גליקליך פון אזא קאמפלימענט, חאטש ער האט געוואוסט אז ס'איז א ליגענט, נאר היינט האט זיך איהם געדאכט, אז אליקום שמואל לאכט פון איהם. „אונ אפשר ווייסט ער גאר, אז איך האב נישט קיין מעהל?"— האט איהם פלוצלינג א געדאנק א קלאפ געגעבען אין קאפ, אונ ער

---

זיידענע פאטשיילע נעבען איהם, אונ אפרים דער פרינץ מיט'ן נייעם קאשקעט, אונ די פרינצעסין רייזל מיט'ן צעפל אקענגן ויי־דרך ארץ, יודען, רעשפעקט! פישל דער מלמד האט זיך געזעצט אויף דער שטוהל געוועלטיגען!

ג.

די חאשטשעוואטער וואהלע יונגען, די וואס האבען ליב חוזק מאכען, אפלצ'עווען פון דער גאנצער וועלט, האבען אויסגעקלערט אויף אונזער פישלען, אז ער האט איין מאל ערב פסח אריינגעשיקט צו זיין בת שבע'ן א דעפעש בזה הלשון: „רעביאטא סאבראני, רעגני וועזאו, פרינאטאזו פאולי. יעדאו צארסטוואוואט". דער פשט פון דער דעפעש איז אזוי: א קנעלונג צענויפגעשטעלט, שכר למוד פיהר איך, מאך קניידלעך, איך פאהר אויף פסח אהיים"... די דעפעש זאגען די לצים, האט מען אין באלטע איבערגעחאפט אויף דער סטאנציע, בת שבע'ן האט מען באזוכט אונ נישט געפונען גאר ניט, אונ פישלען האט מען געבראכט צופיהרען מחילה מיט'ן עטאפ אהיים. נאר איך קאן אייך זאגען בהן שלי, אז ס'איז שקר וכזב, פישל האט קיין מאל אויף זיין לעבען קיין דעפעש ניט געשיקט, בת שבע'ן האט קיינער ניט באזוכט, אונ פישלען האט מען מיט'ן עטאפ קיין מאל ניט געפיהרט. דאס הייסט פיהרען האט מען איהם געפיהרט איין מאל מיט'ן עטאפ, נאר נישט פאר קיין דעפעש, פאר א פאס האט מען איהם געפיהרט; אי דאס ניט פון באלטע נאר פון יעהופעץ; אונ ניט ערב פסח נאר אין מיטען זומער איז דאס געוועזן, עס האט זיך איהם פארגליסט, פארשטעהט איהר מיך, אוועק לאזען זיך קיין יעהופעץ זוכען א קנעלונג אונ האט פארגעסען נעמען מיט זיך א פאס, ער האט געמיינט ס'איז אין באלטע, האט ער זיך מאוס אריינגעחאפט אונ פארזאגט קינדס קינדער, אז זיי זאלען אין יעהופעץ קיין קנעלונג נישט זוכען...

פון דעמאלט אן פאהרט ער קנעלען קיין באלטע, אונ קומט ערב פסח ווערד ער פארטיג מיט א פאר וואכען פריהער אונ הייבט זיך אן באצייטענס שניידען אהיים חאטש אויף שבת הגדול. ווען ושע איז דאס גערעדט געוועזן? אז סע שניירט זיך, דאס הייסט אז דער וועג איז א וועג, אונ מע קאן קריגען א פוהר אונ מע קאן אריבערפאהרען דעם בוג, אדער איבערן אייז, אדער מיט'ן פאראם. ווי ושע איז אבער דער דין למשל, אז דער שניי לאזט, די בלאטע איז גרויס, קיין פוהר איז ניט צו קריגען, דער בוג האט זיך נאר וואס אפגעריסען, דער פאראם געהט נאך ניט אונ מיט א שיפל איז מסוכן נפש אונ דער יום טוב איז אט אט אויף דער נאז, וואס טהוט מען דעמאלט? איז דער תירוץ: למאי וואס טהוט מען, אז מע פאהרט ערב שבת ארויף א בארג ביינאכט אין דער פינסטער אין א שלאקס רעגען, מע איז טוידט הונגעריג אונ סע לאפעט איין אבס?! איז טאקי ניט גוט, וואס זאלט איהר קלערען?

האט אנגעהויבען פיינד צו קריגען דעם גביר מיט זיין גראבען בויך, וואס איז נאך א „לועג לרש". און עפיס ווי איהם צו להכעיס וואלט ער יעצט געוואלט האבען גאנצע צוויי טעפ מעהל. „אוי מעהל!... וואו נעמט מען מעהל?" — האט ער געברומט אין דער שטיל. „וואו נעמט מען שטיוועל?" — האט איהם גערוישט אין קאפ.

— זכה לו לר' משה ברוך! די ערשטע מיירע! האט יצחק מרדכי דער גבאי א געשריי געטאן פון יענער זייט טיש.

— א הצלחה א סופר האט! — האט זיך אליקום שמואל געקרומט.

משה ברוך האט געוואלט ארויף פאלען אויף דעם מחוצף און איהם אויסרייסען די בארד, נאר אז ער האט געזעהען ווי אלע קוקען אויף איהם און ווארטען אויף זיין מעהל האט ער אנגעהויבען הייזעריק צו שרייען: „איציק! נא דיר געלד און גיב אהער מעהל".

איציק שמש האט דערלאנגט א זעקעלע מעהל און דער עולם האט אנגעהויבען צו רודערען און צו ארבייטען.

י. ד. פרייער.

---

# זי זינדיגט.

חאסי ווייסט און איז מתודה, אז זי איז א זינדיגע נשמה, טאקי ווי אין דאווענען שטעהט א מאל געשריבען א „כלי פול פון שאנד און שפאט". אויפשטעהענדיג און לעגענדיג זינדיגט זי.

„א פנים אזוי איז שוין דער מענש, אימשטיינס געזאגט, בעשאפען — צו זינדיגען און חרטה האבען, חרטה האבען און זינדיגען".

„פאר יאהרען פאר פסח, געדאגה'עט, וואס מעהר עסערס ווי אנגעגרייטס! היינט איז ניטא, ווער ס'זאל אויפעסען דאס אנגעגרייטע!"

„וואס פאר א נאר א מענש, א בשר ודם איז! בעקענט ניט, ווי זיס און ווי נייטיג די דאגות זענען! אהן דאגות, זעה איך ערשט א צינד, איז א מענש קיין מענש ניט! ערגער פון א בהמה!".

נאר פון דעסטוועגען, אויב איבער הונדערט יאהר, מען וועט זי וועלען שטראפען פאר אזוינע זינד, פאר יענעם חלול יום-טוב, וועט זי זיך אויס טענה'ן פאר'ן בית דין של מעלה.

האט זי געקאנט וויסען פון שמחת יום-טוב, אז אימשטיינס געזאגט א קראנקען מאן אויפ'ן בעט ליגענדיג?

און אז דעם זוהן האט מען איהר א היים געלאזט אויף פסח האט זי זיך דען געקאנט פרייען מיט איהם, וויסענדיג, אז די טעג זענען איהם דא געצעהלט! נאך יום-טוב פאהרט ער ווידער אין פאלק אריין אויף א גאנץ יאהר ניט צו זעהען איהם!

חול-המועד איז זי גערן געוועזען ער זאל זיך פאהרען: זי האט געצעהלט און געוואגען די קארטאפלעס מיט די מצות, און האט געזעהען זי וועט בלייבען שטעקען.

און האט זי דען געקאנט מקבל-תענוג זיין פון דער עלטערע טאכטער, דער האלבער עגונה מיט די דריי לעבעדיגע יתומים'לעך? א מאן אין אמעריקא, פיער יאהר קיין איינגעטונקטע פעדער פון איהם ניט געהאט!

צי האט זי דען געקאנט צופרידען בלייבען מיט סאסילען, דאס עלטערע מיידל? קיין בייז אויג איין אוצר. גאלדענע פינגער! פרעמד גרעט גענייט! אויף כלומר'שט בסוד, נאר ביי גוטע פריינד! דורך די נעכט געזעסען! די אויגען אויסגענוצט און דאס פארדינסט האט די שלאנג, די מאמע די פרעסערין אויסגעבראכט אויף דער קיך!

צי האט זי דען פאר איהר שלמה'לען דערצו א וועק געצאהלט אזוי פיעל שכר למוד, כדי ער זאל צו זיבעצעהן יאהר א שטונדען-געבער ווערען?

און זיין פארדיענסט איז אויך אין איהר אריין! אפילו קיין נייע היטל, ווען איז דער מאמען! זיך ניט געקויפט. א רעצעפט דעם טאטען, זאגט ער, איז ביליכער!"

„גאלד, דימענטען איז עס; ניט קיין קינדער!.

„און אז דער עלטערער האט זיך שוין געלעגט אין די קלייען און געדינט אין א קלייט — האט זי איהם דען ניט בעהוילט און בע-

---

פישל דער מלמד ווייסט שוין דעם טעם פון „ניט גוט". ער האט שוין געהאט אויף זיין לעבען, פון זינט ער איז א מלמד און פאהרט פון חאשטשעוואטע קיין באלטע און פון באלטע קיין האשטשעוואטע, אלערליי נסיעות און טרעפעניששען! ער האט שוין געפרובט געהן העכער האלב וועג צופוס און נאך העלפען אונטערשטופען דעם וואגע"ן אויך. ער האט שוין געפרובט ליגען מיט א גלח אין בלאטע, דער גלח פון אויבען און ער פון אונטען. ער האט שוין געפרובט אנטלויפען פון א טיטשקע וועלף, וואס זענען נאכגעלאפען נאכ'ן וואגען פון חאשטשעוואטע ביז פעשטשאנע, און נאכדעם האט זיך אויסגעלאזט, אז ס'איז נאר געוועזען הונט, ניט קיין וועלף. נאר אזא צרה וואס איז פארגעקומען דעם דאזיגען ערב פסח האט זיך איהם נאך נישט געטראפען קיין מאל.

די צרה האט זיך גענומען פונ'ם בוג, דאס הייסט פון דעם וואס דער בוג האט זיך געעפענט אביסל צו שפעט און צעשפילט זיך סאמע אין דער צייט, ווען פישל דער מלמד האט זיך געאיילט אהיים און געאיילט האט ער זיך שניארק, ווייל ס'איז געוועזען פרייטאג ערב שבת און ערב פסח, דאס הייסט יענק יאהר איז געפאלען פונקט שבת ערב פסח.

ד.

געקומען צום בוג איז פישל מיט א נויעשער פוהר—דאנערשטאג פארנאכט, דאס הייסט לויט זיין חשבון נאך האט ער בעדארפט קומען דינסטאג אין דערפריה, ווארום פון באלטע איז ער ארויסגעפאהרען זונטאג נאכ'ן מארק. דער רוח האט איהם געטראגען ער זאל ארויסגעהן אויפ'ן מארק נאכפרעגען זיך אויף איין איבערגעהאפטער פוהר! נעחיי וואלט ער בעסער געפאהרען מיט יענקל שייגעץ, דעם באלטער בעל-עגלה אויף דער „רעשטעוואניע" פון הינטען מיט'ן פנים צוריק און די פיס זאלען איהם קליאקען און ס'זאל איהם ארויסנידען די נשמה אפילו—אלץ וואלט ער שוין ביז אהער לאנג געוועזען אין דערהיים און וואלט פארגעסען פון דער נוטער נסיעה! האט זיך איהם אבער געוואלט א וואלוועלע פוהר. און דאס איז דאך איין אלטער כלל, אז וואס וואלוועל קאסט טייער. יונה דער שכור דער וואס „רייהעט" פוהרען אין באלטע, האט איהם אבער געזאגט: „פאלגט מיך פעטער, ניט בעסער צוויי קארבונים וועט איהר זיצען ווי א שררה ביי יענקלען פאריטש פון הינטען אין בויד; געדענקט זשע איהר שפיעלט זיך מיט פייער, ס'איז ערב יום טוב!" האט איהם אבער דער רוח אונטערגעטראגען א באקאנטען גוי פון חאשטשעוואטע: „עי טשאיעש, ראבין, טשי נע פאידעמא טשאסאם דא חאשטשעוואטע?" (* „דאברע, א סקילקא למשל קאשטאוואטעמע?" **) ווי פיעל סע וועט קאסטען דאס האט ער נעפונען פאר נייטינג צו פרעגען, און צי וועט ער איהם ברענגען אויף

*) עי הער נאר, רבי, אפשר פאהרען מיר קיין חאשטשעוואטע.

**) גוט, וויפיל למשל וועט דאס קאסטען.

געמען?! אויך שטענדיג געגאנגען קריעה ובליה! אלעס איז אין דער זינדיגער מאמען אריין!"

האט איהר דען געקאנט בעקומען אזא יום-טוב?!

ערשט איצט איז זי קלוגער; ערשט היינט בערעכענט זי זיך, אז ווי עס איז שוין געוועו — איז אויבען אן געזעסען דער קאפ! ארום איהם זעכס קינדער, זעכס ליכט! איינס שענער און קלוגער פאר'ן אנדערען! אין יעדען ווינקעלע ליכטיג, פריילי, יום-טוב'דיג! ניט צום דערקענען, ווי אזוי דער פאר פסח איז אנגעקומען.

און זי, זי איינע אליין איז די מאמע פון וואס ארום דעם טיש, און די בעל-הבית'טע פון אינגאנצען!.

זי קאן ניט פארגעסען די ווייבערישע געדאנקען, וואס האבען זיך איהר געדרונגען דענסטמאל אין קאפ, ווען "ער" האט זיך צו ווארמעט אין דער הגדה מיט זיין נוסח און אויף זיין שטעגטר:

זי האט זיך געוואונשען אלע איהרע יונגערע מיידלעך זאלען אנקומען צו מאנען תלמידי חכמים: ס'אנדערע סדרים! אנדערש אין גאנצען! "חאטש אין פארגלייך צו נעמען די נאהנטע שכנים!"

אויף "יענעם עולם", האט זי געהאפט, ער וועט זי פון אלעמען ארויס נעמען. זי האט געגלויבט, ער וועט נאך איהר משניות לערנען, גלייך מיט די זוהן.

איהר איז גאר אויפ'ן געדאנק ניט געקומען אזא סוף.

יא, זי זעהט ערשט א צינד, אז דערמיט, וואס זי האט יענעם פסח צו געזיפצט און קיין פרייליכע מינע זיך ניט פארגינען, האט זי שטארק געזינדיגט!

א סימן, אז דער רבונו של-עולם האט זי מיט אזא שווערער האנט געשטראפט:

האט ער ביי איהר אראבגענומען די קרוין פונ'ם קאפ!

קומט אן א מגלה פון יענעם תנאי פון אמעריקא מיט גליקען, מיט שיפס-קארטעס, מיט א געוואלד, ער דארף זי א הין!

סקוטשנע איהם געוועו אליין אין די פאבריקען צו ארבייטען!

פייגעלעך מיינע! ווער ווייסט וואס זיי טון דארט.

הייבט זיך אויף דאס געראטענע, דאס בעסטע און פאהרט אין דער פרעמד א מלמד ווערען. די שטאדט איז איהם דא קארג געוועו!

פארטראכט דער עלטערער פלענער און האט חתונה! אבגעקלויבט — און צוגעקלויבט — גלייך קיינמאל קיין מאמע ניט געוועו!

פארקויפט מען די פיער ווינקעלעך פאר חובות!

"זיי וואלטען מיך שוין אזוי געוועו לאזען אין געהאקטע וואונדען שבעה זיצען, דאס ביסל יאהרען, ביז ס'וואלט קומען די רעכ־טע צייט פון מיינעט וועגען אויך! א מענש ווערד ניט צעשיט! ווער שמועסט א יודענע איז א ודאי ניט פון אייזען! ער וואלט זיך א ודאי געוועו געמיהט פאר מיר!"

"האט מען זיך גענומען אויף מיר: ס'טייטש, א גליק! ס'טייטש א שמאלץ גרוב!"

"שמאלץ האב איך געדארפט? גרובער גיט מיר!"

— מי לנו גדול? — טענ'ען זיי: פינף און פיערציג יאהר הייסט א זקנה?!

און ס'טייטש אזא פארמעגען! און ס'טייטש ניט קיין קינד קיין רינד! אלע שוין אויסגעגעבענע! פאר זיך שוין!

און איך בעט מיך ביי זיי, ווי ביי גזלנים: וואס ווילט איהר פון מיר חוזק מאכען? נאך הירשל'ען וועמען קאנט איהר מיר געבען?! און וואס טויג מיר שוין עפים?!

"וואס דען ווילסטו, פאלען זיי אויף מיר אן, קצבה נעמען?!"

נישטא אויף זיי אויך וואס פאריבעל צו האבען: זיי האבען אי־בערגעטראכט, אפשר וועל איך זיי דארפען אנריהרען! פארט פריינד אימשטיינס געזאגט!

און איך וויין פאר זיי: איך וועל בעסער א דיענסט ווערען! איך וועל פרעמדע שטובער שמירען!

האט מען א פורגענומען אויף מיר א קאנטשיג: ס'טייטש, סאסילע קאן דורך מיר צו לייט ניט קומען!

---

פסח אהיים—איז פישלען אפילו אויף די געדאנקען נישט געקומען, ווארום מע זאל אפילו דאכט זיך געהן צו פיס נאכ'ן וואגען פון באלטע ביז חאשטשעוואטע און מאכען קליינע טריט קאן מען אויך אין א וואך צייט אנקומען אויף יום-טוב אהיים.

ארויסגעפאהרען פון שטאדט האט פישל שוין חרטה געקריגען אויף דער פוהר, חאטש ס'איז איהם געוועו גראם, איינער אליין אויפ'ן גאנצען וואגען ווי א גראף. ער האט ארויסגעזעהען באשיינפערליך, אז מיט אזא מין שלעפען זיך ווי דעם גוי'ס פערדל שלעפט זיך וועט ער ווייט ניט איינפאהרען, ווארום ער איז געפאהרען און געפאהרען א גאנצען טאג און איז נאך געוועו ווייט פון סארזשעניטשקע, דאס ערשטע דערפעל נאך באלטע, און ווי פיעל ער האט נישט געמוטשעט דעם גוי ער זאל איהם זאגען צי ס'איז נאך עפים ווייט, האט איהם דער גוי נישט געענפערט קיין האלב ווארט אחוץ, "א חטא יאהאזנא"? *) ערשט העט—העט, שוין ארום פארנאכט האט איהם אנגעיאגט מיט א הוק און מיט א פייף און מיט א קנאק יענקל שיינעק מיט זיינע פיער ברענענדיגע אדלערס, בעהאנגען מיט גלעקלעך און מיט דער גרויסער בויד, אנ־געפאקט מיט פארשוינען אינווייניג, פון פארינט און פון הינטען אויף דער רעשטעוואניע. דערזעהען דעם מלמד זיצען ביים גוי אין וואגען, האט יענקל שיינעק נעגעבען א קנאק מיט דער בייטש אין דער לופטען און

*) ווער ווייסט דאס.

האט אויסגעשאלטען ביידען, דעם בעל עגלה מיט'ן פארשוין אויף אלע זייטען, אויס געלאכט זיי מיט'ן פערדל, ווי יענקל קאן און אז ער איז אפגעפאהרען אביסל האט ער באוויזען דעם גוי אויף איינע פון זיינע רעדער.

— עי, טשעלאוויטשע, דיוויס, אן א טעבע קאלעסע דרעהט זיך! *)

— טפרררררו! — האט זיך דער גוי אפגעשטעלט, אראפגעקראכען אינאיינעם מיט'ן מלמד פונ'ם וואגען, גענומען קוקען אויף די רעדער אויף די פלעקלעך, ארונטערגעקראכען אונטער'ן וואגען, געזוכט, און נישט געפונען גאר ניט, און ערשט דעמאלט פארשטאנען, אז יענקל האט איהם נעפיהרט אין באד אריין. האט ער זיך א קראץ געטהאן אין דער פא־טיליצע און האט אנגעהויבען שעלטען יענקלען און אלע יודען מיט אזעלכע קללות, וואס פישל האט נאך אויף זיין לעבען אזעלכס ניט געהערט; דאס קול איז געגאנגען אלע מאל העכער, דער כעס איז געווארען אלע מאל שטארקער:

— א שאב טובי דאברא נע בולא! שאב טי נע דאזשדאוו! שאב טובי ליחא הארינא! שאב טי נע דאיחאוו! שאב טי פראפאוו! אי טוואיא סקאטינא! אי טוואיא זשינקא! אי טוואיא דאטשקא! אי טיטקי! אי דיאדקי!

*) עי מענטשל, זעה נאר, א ראד דרעהט זיך ביי דיר!

„זיי האבען געוואוסט, מיט וואס מען קאן א מאמען שמייסען!"

„זיי האבען מיך בייגעקומען".

זי קאן ניט לייקענען; מען האט זי ניט אבגענארט. דער פאר פסח איז איהר אנגעקומען גרינגער ווי עמיצען א וואכענדיגער טאג! ס'איז דא א דיענסט אין שטוב. א'ינקויפען—קויפט „ער" אלעם אליין! ס'ערשטע מאל זעהט זי, א מאנסביל זאל אזוי אויף אלעמען וויסען, א מבין זיין, און אומעדום זיך מישען! אויפ'ן מארק צווישען די גויות געהן!; היהנער קויפען!

א טיש, א רייכער! מען קאן ניט זאגען, זי בענשט ליכט אין זילבערנע לייכטער, זי אליין האט אנגעטאן א ביסל ציהרונג.

גאר ביים טיש... זיצט זי גאר מיט איהם. צו לויז, צו לעדיג!.. עס דאכט זיך איהר, אז צווישען איהר מיט „איהם"—קאנען נאך זיצען זעכס אנדערע....

און עס ריקען זיך איהר אלץ אין געדאנקען איהרע פאריעהריגע זעכס ליכט, וואס ארום דעם טיש: וואו זענען זיי ערגיץ נעביה? צעזייעט און צעשפרייט!

וואלט ער חאטש געזאגט די אגדה אזוי ווי מען זאגט... ווי זי איז געוואהנט צו הערען!.. וואלט ער פארשריגען די געדאנקען! וואלט זי פארשפארט לויפען אלע מאל מיט איין אנדערען אויסרעד אין קיך אריין אויסצוהליפען זיך.

און וואלט ער גערעדט מיט איהר עפיס פון אנדערע זאכען, ניט פון די, וואס ער רעדט און צו וואס זי איז ניט געוואהנט! וואלט פארשפארט צו קריכען איהר אין קאפ אריין אלץ „הירשעל", אלץ — יענער סדר!

און זי ווייסט אז זי זינדיגט איצט נאך מעהר ווי פאר יאהרען: זי איז דאך איין אשת־איש! צי מעג זי דען טראכטען א זעלכע געדאנקען? צי מעג זי דען הירשל'ען געדענקען!

זי ווייסט, אז ס'איז א גרויסער חטא, און מאטערט זיך ארויסצוטרייבען די געדאנקען פונ'ם קאפ. זי הייבט אן הויך רעדען, דרענגט זיך צום לאכען, העלפט איהם אונטער צום „אויפדעקען און צודעקען" די מצות; דערמאנט איהם אלע מאל אין די לשם יחוד'ן, ער ווערד אויפגעמונטערט. צום עסען טרייבט ער זי צו; זי עסט ווענינ. זי דערמאנט זיך, אז שוין עטליכע טעג, וואס ס'האט זיך איהר אבגעווארפען פלייש. . . .

און עס דרענגט זיך איהר א נייער געדאנק אין קאפ:

„א יודענע, וואס האט קינדער פון דער צווייטער חתונה—מיט וועלכען מאן קעהר זי זיך אן אויף דער אמת'ער וועלט?"

און זי ווייסט, אז ס'איז א גרויסער חטא פאר איין אשת-איש צו טראכטען א זעלכעס און זי טרייבט פון זיך די געדאנקען.

זי זינדיגט...

יהודה שטיינבערג.

## צום סדר.

(א בילד)

וואס פרייהליכער עס איז אין דרויסען געווארען, דאס מעהר האט מיר אין הארצען גענאגט. מיט די ערשטע געקומענע פייגעלעך איז מיין בענקעניש געקומען, און עס האט מיר געצויגען אנטלויפען פון דער אפשטויסענדער שטאדט, וועלכע האט מיר שיער מיט הונגער ניט פארמארעט, געצויגען ווי מיט צוואנגען, אז דאס הארץ האט אין מיר ביטער געיאמערט און אין מח האט זיך געמישט, אז מיר פלעגט זיך אפט אויסדאכטען, איך גייה באלד פון זינען אראב. וואוהין עס האט מיר געצויגען — האב איך גאנץ גוט געוואוסט. אהין האב איך מיך מיט מיינע אלע געפיהלען געריסען, וואו מיין טאטענס קליינע שטיבעלע שטעהט, וואו „אונזער" טייך גיסט זיך יעצט אויף די פעלדער פאנאנדער, וואו „אונזער" וואלד חאפט זיך יעצט אויף פון דעם ווינטערדיגען שלאף, וואו איך האב ליב און ווער געליבט. באגעגענען דעם פריהלינג אין דערהיים, אין דעם אייגענעם ווינקעלע, אט וואס עס האט מיין גאנץ הארץ פארחאפט...

און דערווייל, כל זמן מיין קאפ און מיין הארץ זענען געוועזען פארשכור'ט מיט די דאזיגע פארלאנגען, איז דער פריהלינג געגאנגען

אי קומי! אי־אי־אי־אי ווסי וואשי זשידי, נערוויירנעע, נעחריסטי, פראקלאטיע!!! *)

עס האט לאנג געדויערט ביז דער גוי האט זיך גענוצט אויפ'ן וואגען און האט זיך אלץ ניט בארוהיגט, אלץ ניט אויפגעהערט לייגען די תוכחה אויף יענקל בעל עגלה און אויף אלע יודען—ביז מע איז געקומען קיין סארזשינעטשקע אויף נעכטלינער.

אין סארזשינעטשקע האבען זיי אונטערגענעכטיגט און אויף מארגען האט זיך פישל געפעדערט כאור הבקר, אפגעדאווענט, אפגעזאגט א פארציע חק לישראל, אביסל תהלים, איבערגעביסען און איז פארטיג געווען צו פאהרען ווייטער. איז אבער דער חסרון וואס חוועדאר (אזוי האט מען גערופען דעם בעל עגלה זיינעם) איז ניט געווען, ער האט זיך פארזעסען מיט זיינעם א מחותן (א קאום), פארטרונקען און פארהוליעט זיך און איבער געשלאפען דעם טאג מיט א שטיק נאכט און ערשט דעמאלט זיך געלאזט אין וועג אריין.

— סטייטש — האט איהם פישל געזאגט שוין זיצענדיג אויפ'ן וואגען — סטייטש חוועדאר טשארבע טוואיא מאמע, היתכן? יא טובי נאימאיעט

*) א קיין גוטס, זאלסטו ניט האבען! זאלסט ניט דערלעבען! זאל דיר זיין א שלעכט יאהר! זאלסט ניט דערפאהרען! זאלסט די כפרה ווערען! דו און דיינע פערד, און דיין ווייב, און דיין טאכטער, און דיינע מומעס, און דיינע פעטערס, און דיינע מחותנים, און און און און אלע אייערע יודען די פארשאלטענע!!!

בפירוש נא פראזניק!... דע באג? דע יושר? *)

און נאך ווערטער האט איהם פישל אריינגעזעצט, ניט אויפגעהערט צו זינגען און צו פיילען אויף זיין שפראך, ווי ווייט ער קאן, האלב אויף גויעש, האלב אויף לשון קודש, דאס איבעריגע איהם מסביר געווען מיט די הענט. חוועדאר האט נישקשה נוט פארשטאנען וואס פישל מיינט, נאר נעענפערט האט ער איהם נאר ניט, קיין האלב ווארט אפילו. מסתמא האט ער געפיהלט אז פישל איז גערעכט, האט ער געשטומט ווי א קעצעלי, ביז ער האט זיך אויפ'ן פערטען טאג באגעגנט אויף יענער זייט פעשטשאני מיט יענקל שייגעץ, וואס איז געפאהרען שוין צוריק פון חאשטשעוואטע מיט א הוק און מיט א פייף און מיט א קנאק און האט אנגעזאגט אונזער פישלען מיט זיין בעל עגלה א גוטע בשורה:

— איהר מענט זיך שוין איבערקערען צוריק קיין באלטע, דער בוג האט זיך „אפגעריסען".

ביי פישלען האט זיך אפגעריסען אין הארצען פונ'ם ווארט „אפגעריסען", און חוועדאר האט גערעכענט, אז יענקל מאכט ווידער א מאל פון איהם א בער, האט ער איבערגעחזר'ט די קללות מיט די חרמות, אויסגעבטל'ט אלע בייזע חלומות אויף יענקלס קאפ און אויף

*) סטייטש, חוועדאר, דער רוח דער מאמע דיינער, היתכן, איך האב דיך בעשטעלט בפירוש אויף יום טוב! וואו איז גאט? וואו איז יושר?

ערגעץ אן א זייט פון מיר און האט מיר גאר נישט געבראכט, אויסער א נאגענדען ווייטאג אין הארצען.

עס איז געגאנגען א טאג נאך א טאג. קיין ארבייט האב איך שוין לאנג ניט געהאט, און איך פלעג פון פריה ביז נאכט ארומגעהן אליין אין די רוישענדע גאסען — און געפיהלט האב איך זיך, ווי איך האב א שיף־ברוך געליטען און בין ארויס געווארפען געווארען אויף איין אונבעקאנטען אינזעל מיט מאדנע באשעפענישען, מיט וועלכע איך האב גאר נישט קיין שום מגע ומשא, און וועל זיך מיט זיי קיינמאל ניט קענען צונויפרעדען. געוואהנט האב איך ערגעץ אויף א בוידעם ביי איין ארימען קריסט אין א נידעריגען און פינסטערען קאמער. וואהנען פלעג איך דארטען נאר ביי דער נאכט, ד. ה. נעכטיגען. עטוואס ענהליכעס צו א בעטל צונויפגעלייגט פון ברעטלעך, אין אנדערט־האלבען טריט פון די גרויסע בעט, וואו די בעלי־הבתים האבען געשלאפען, איז געווען מיין געלעגער. צאהלען פאר דעם פלעג איך 5 קאפיקעס א נאכט. וואו איך פלעג טרינקען און עסען — דאס האב איך אליין ניט געדענקט און אפטמאל איז אפילו וואס צו געדענקען ניט געווען...

און דער פריהלינג האט מיר גערייצט... די זון האט מיר גערייצט... „עס איז דא א זון, עס איז דא א פריהלינג, אבער אלץ ניט פאר דיר: דו ביזט א פרעמדער מיט די חוואליעס אהער ארויסגעווארפען געווארען... דארטען איז דיין זון, נעבען טאטענס שטיבעלי דארטען איז דיין פריהלינג, פאהר, לויף אהין וואס גיכער"... און נאך ענהליכעס האט מיר אין מח געהאקט.

און דער פסח איז נעהנטער געווארען און קיין געלד איז אלץ ניט געווען. אייגענטליך האב איך דאך דאס פריער געוואוסט, נאר איך האב דאס אלץ ניט געקאנט גלויבען, ריכטיגער, ניט געוואלט גלויבען. צו פוס פארגעהן איז אונמעגליך: ווייט... שלעכט... קיין ברעקעל האפנונג ניט געבליבען... אפשר דערפאר טאקי זענען מיינע וואונדען פארט א ביסל גרינגער געווארען.

ערב פסח. איך געה אלץ אום איבער די גאסען. מענשען לויפען, מענשען איילען... און דאס גאנצע לעבען געהט פון מיר אן א זייט און עס וויל מיר בשום אופן ניט דערקענען פאר א מיטגליד פון דער מענשליכער געזעלשאפט. די זון האט אלעמען נאך מילדער געשטראהלט, און מיר האט זי נאר מיין קאפ־ווייטאג פארגרעסערט: „ניט דיין זון"... די פייגעלעך האבען געטרילערט, און מיר האט זיך געדאכט אז זיי קרעכצען: „ניט דיינע פייגעלעך... מיר קענען דיר נאר צרות אנקרעכצען".

און אין דער היים ווארט מען אויף מיר. איך האב געשריבען, אויב איך וועל נאר קענען, וועל איך קומען. עס ווארט „מיין" זון, עס ווארט „מיין" וואלד מיט די פייגעלעך, עס ווארט „מיין" טייך. אלעס, אלעס שטעלט זיך מיר פאר אזוי קלאר, אז עס ווערד מיר גאר פינסטער אין די אויגען און איך זעה די גאס ניט.

דער אווענד האט זיך גערוקט, גערוקט... איך בין נאך אלץ אי דרויסען געווען און מיין מוח האט געארבעט...

בשעת עס איז גוט פינסטער געווארען, בין איך אוועק אין מיין בוידעם און בין א צעבראכענער, א הונגעריגער א נידערגעפאלען אויף מיין געלעגער.

איצט איז דער סדר. ניט דערווארט זיך... דער טאטע אין קיטעל.

א י צ י ג ק ע פרעגט די קשיות...

עבדים היינו... ווי קען איך... די מאמע...

דער אלטער מאן מיט דער ווייסער בארד און מיט די שטראהלענדע אויגען האט אויפגעעפענט די טיר און איך בין אריין אין א ליכטיגען, פרייהליכען זאל, און האב אלעמען דערזעהען...

די מאמע איז מיר אפען האלז ארויפגעפאלען, דער טאטע, די קינדער... ווי יונג, ווי שען מיין פאר'חשכ'טע מאמע איז געווארען... ווי קרעפטיג מיין קראנקער טאטע זעהט אויס... זילבערנע כוסות... בלישצענדער וויין... ווי גוט, ווי ליבליך!

מיין אלטינקער זיידע האט גלייך דעם אלטען מאן דערקענט,

---

זיינע הענט און פיס און עס האט זיך איהם נישט צוגעמאכט דאס מויל ביז ער איז דאנערשטאג פארנאכט געקומען צום בוג. צוגעפאהרען גלייך צו פראקאפ באראניוק דעם פאראמשטשיק, פרעגען ווען לאזט ער דעם פאראס און דערווייל האבען ביידע גוים גענומען צו ביסלעך בראנפען און פישל האט זיך געשטעלט דאווענען מנחה.

ה.

די זון האט געהאלטען ביי'ן זעצען זיך און האט באגאסען מיט איהרע גילדענע שטראלען די הויכע בערג וואס פון ביידע זייטען טייך, ערטערווייז נאך באדעקט מיט שניי און ערטערווייז שוין געגרינט. דורכגעשניטען מיט קליינע ריטשקעלעך, וואס האבען זיך געשלענגעלט בארג אראפ און מיט א זשומען אריינגעגאסען זיך אין טייך אריין, באגעגענט מיט די פינענדיגע וואסערען פונ'ם נאר וואס צעשפאלטענעם אייז און פון דער געהענדיגער קריהע. ווי אויף א טעלער איז איהם געליגען גאנץ חאשטשעוואטע מיט'ן שפיץ קלויסטער, וואס האט פון דער פארגעהענדיגער זון אויסגעזעהען ווי איין אנגעצינדען ליכט. געשטעלט זיך שמונה עשרה מיט'ן פנים צו חאשטשעוואטע, האט פישל פארשטעלט די אויגען, געטריבען פון זיך די מחשבות זרות, וואס זענען איהם געקראכען אין קאפ אריין: בת שבע מיט דער נייער ויידענער פאטשיילע, אפרימקע מיט דער גמרא, רייזל מיט'ן צעפל און די הייסע באר מיט דער אויבערשטער פאליצע, און פרישע מצה מיט גוטע געפעפערטע פיש מיט הארבען חריין, וואס פארגעהט אין נאז אריין, מיט פסח'דיגען בארשט מיט מצה, וואס איז טעם גן ערן מיט נאך גוטע זאכען, וואס דעם מענטשענס יצר הרע קען אויסטראכטען... און ווי פיעל פישל האט זיי ניט געטריבען די מחשבות זרות, זענען זיי אלץ מעהר געקראכען אין מח אריין, ווי זומער פליגען, נישט געלאזט איהם דאווענען ווי סע געהער צו זיין.

אויסגעשטאנען שמונה עשרה, האט זיך פישל אוועקגעלאזט צו פראקאפען און האט זיך אריינגעלאזט מיט איהם אין א שמועס מכח פאראס און מכח ערב יום־טוב, געגעבען איהם צו פארשטעהן, האלב אויף גויעש, האלב אויף לשון קודש און דאס איבעריגע מסביר געווען איהם מיט די הענט, וואס פאר א יום טוב פסח איז ביי יודען און וואס הייסט שבת ערב פסח, אז טאמער חלילה פאהרט ער ניט אריבער ביז מארגען אין דער צייט דעם בוג, איז ער א פארפאלענער. ווארום אחוץ וואס מע קוקט אויף איהם ארויס אין דערהיים זיין ווייב און קינדער (דערביי האט פישל געטהאן א טיפען קרעכץ, אז עס האט אויסגעריסען א שטיק געזונט), וועט ער אכט טעג כסדר נישט טארען ניט עסען ניט טרינקען, חאטש נעם ווארף זיך אריין א לעבעדיגער אין טייך אריין. (דא האט זיך פישל אפגעקערעוועט אן א זייט, מע זאל ניט זעהען ווי עס שטעהען איהם טרערען אין די אויגען.)

איז פון ארט אויפגעשטאנען און האט איהם מיט דרך ארץ זיין כוס אונטערגעטראגען. און דער מאן מיט דער ווייסע באָרד און די שטראהלענדע אויגען האט מיר א פארבלאנדזעטען אין וואלד געפונען און האט מיך אהיים געבראכט, אהיים געבראכט!...

מיין זון... מיין טייך... מיין וואלד... ווי טיעף האב איך ערשט איצטער פארשטאנען, וואס איז דאס גליקליך זיין, לעבען מיט אלע גלידע׳, פיהלען מיט דעם גאנצען הארצען...

איך האב זיך צו מיין רעטער אומגעקעהרט: ער האט געהאלטען דעם כוס און די אויגען בלוי ווי דער הימעל... א מעהר ווי אויגען האט זיך ניט געזעהען... פארכשופ׳ט האבען זיי מיך און איך האב זיך אן אלץ פארגעסען.

— איך זעה אייער פרייד נאך אזוי פיעל צרות, און דאס איז מיין גרעסטער שכר... טרינקען טרינק איך ניט... איך האב נאך פיעל ארבייט, זעהר פיעל... עס בלאנדזען אומעטום מענשען און גארען אהיים און קענען אליין דעם וועג ניט געפינען...

ער, מיין געטליכער רעטער, האט דאס געזאגט, ווי פראסט און ווי געטליך! ער האט אוועקגעשטעלט דעם כוס אויפ׳ן טיש און איז פארשוואונדען געווארען. — א מאמע! — האב איך מיט׳ן גאנצען כח אויסגעשריגען.

איך האב ברייט אויפגעעפענט די אויגען... אין קאמער איז געוועזן זעהר פינסטער, רעכטס האט דער הייזעריגער זייגער געבראקעלט די אונגעגדליכע צייט אויף קוים בעמערקענדע רגע׳לעך, לינקס האט געשניטען די לופט א שווערער חראפען פון עטליכע שלאפענדיגע... דער ביטערער אמת האט גיך פארפלייצט די פריהערדיגע זיסקייט מיט מיר צוזאמען און איך האב דערפיהלט, אז עפּיס האט מיר אין האלז געשטיקט, וואס איז גלייך צעגאנגען געווארען און האט אנגעהויבען טראפּענווייז רינען דורך די אויגען. איך האב זיך איינגעגנורעט אין די שמוציגע שמאטעס, וואס זענען ביי מיר צו קאפּען געלעגען און איך האב זיך צעוויינט ווי א קליין קינד...

און וואס מעהר איך האב געוויינט, איז מיר אויפ׳ן הארצען גע-ווארען אלץ גרינגער, אלץ גרינגער... משה טייטש.

---

# די מצה

(א פסח׳דיג לידל)

מצה! אט ביסטו!
איך טו אויף דיר קוקען;
ווי יודישער לעבען
אזוי ביסטו טרוקען...

מצה׳ניו ליבע!
אי ביסטו מיר טייער!
דו ביסט שוין געוועזען
אין וואסער, אין פייער.

פונקט אין דיין פאלק
ביסטו געראטען;
גערעדעלט, געוועלגערט,
געשטאכען, געקנאטען...

אט זעה איך קענטיג
אין דיר די סמנים:
מיט גריבעלעך קליינע
איז פול דאך דיין פנים...

דאס איז דער עיקר:
ביסט כשר וואס דינער;
אויב די ביסט דיקער
איז כשר׳קייט מינער... —

דיין פאלק דאס גלייכען:
וואס דינער איז בעסער;
מעהר צרות מעהר — כשר,
דער שכר איז מעהר, גרעסער...

ש. ד. פעסטון.

---

פראקאפ באראניוק האט פארשטאנען אין וואס פאר א לאגע נעביך פישל איז און האט איהם דערויף געענפערט, אז ער ווייסט אז מארגען איז ביי זיי א יום טוב, ער ווייסט אפילו ווי אזוי דער יום טוב הייסט ביים נאמען; ער ווייסט אפילו, אז מע טרינקט ביי יודען וויין און שטארקען בראנפען, אז סע קומט דער יום טוב; ער ווייכט אפילו, אז עס איז פאראן נאך א יום טוב ביי יודען, וואס מע דארף טרינקען בראנפען, און ער הייסט „האמאנע אוחא"; ער ווייסט אז ס׳איז פאראן נאך א יום־טוב, וואס אלע יודען דארפען זיין שכור, נאר ווי אזוי מע רופט איהם דעם ראזיגען יום טוב האט ער שוין פארגעסען...

— דאברע, הארנע; — האט איהם פישל איבערגעשלאגען אין מיטען די רייד מיט א וויינענדיגע שטימע — אלע שא בודע איז נאשע פראזניק טאמער זאווטרא חלילה אל תפתח פה לשטן שאב טאי טשאס נעבולא?

דערויף האט איהם פראקאפ גאר נישט געענפערט. ער האט איהם נאר אנגעוויזען מיט דער האנט אויפ׳ן טייך, ווי איינער רעדט: „נא, זעה, וואס עס טהוט זיך".

און פישל האט אויפגעהויבען די אויגען אויפ׳ן טייך און האט דערזעהען דאס וואס זיינע אויגען האבען נאך קיין מאל אויף זיין לעבען נישט געזעהען, און ער האט דערהערט דאס וואס זיינע אויהרען האבען נאך קיין מאל אויף זיין לעבען ניט געהערט. ווארום כמעט קאן מען זאגען, אז פישל דער מלמד האט נאך קיין מאל נישט געזעהען דעם אמת׳ען „אין דרויסען", ווי עס געהער צו זיין, און אז ער האט איהם געזעהען האט ער איהם געזעהען נאר בדרך הלוכו, דורכלויפענדיג פארביי פון חדר אין בית המדרש און פון בית המדרש אין חדר אריין. דער שענער בלויער בוג צווישען די צוויי גרויסארטיגע בערג, דאס זשומען פון די שלענגעלדיגע ריטשקעלעך וואס קאטשען זיך אראפ בארג, דאס רוישען פון דער געהענדיגער קריהע, דאס באלייכטען פון דער גינגאלדענער פארגעהענדיגער זון, דער ברענענדיגער קלויסטער, דער פרישער געזונטער ריח פון׳ם ערב־פסח׳דיגען אין דרויסען און ועל כלם דאס אזוי נאהענט זיין צו דערהיים און נישט קאנען גרייכען — די אלע זאכען א־נא־ינעם האבען אונטערגעהאפט אונזער פישלען ווי אויף פליגלען און האבען איהם אוועקגעטראגען אין א נייער וועלט אריין, אין איין „עולם הדמיון", און עס האט זיך איהם פארגעשטעלט, אז אריבער דעם בוג איז אזוי גרינג ווי א שמעקטאבעקע, אבי דער אויבער־שטער וויל נאר טהון א שטיקעל נס, מצליח זיין. וואס איז? דער ריזשינער איז דען ניט אריבער איין מאל ערב שבת פון אקערמאן קיין אדעם איבערן ים אויף איין אויסגעשפרייטער פאטשיילע? אי ווי אזוי קאן מען פאהרען איבערן ים אויף א פאטשיילע? נו, וועהט איהר ודאך!...

*) גוט און פיין; וואס וועט אבער זיין מיט אונזער יום טוב, טאמער מארגען חלילה אל תפתח פה לשטן די שעה זאל גאר ניט זיין?...



## דער סדר

די סדר נאכט, דאס צימער איז ליכטיג, ליכטיג זענען אלע פנימ'ער. דער פאטער זיצט אנגעטאן אין קיטעל אנטקעגען די מוטער. פאר דעם פאטער ליגט די אפענע הגדה און ער דערצעהלט זיין פאמיליע אלע ניסים פון יציאת מצרים און די קינדער הערען זיך שטארק צו און קוקען דא אויף דעם פאטער און דא אויף די כוסות, דער עיקר אויף דעם גרויסען כוס, וואס איז אנגעגאסען פאר אליהו הנביא. פאר דעם בעל-הבית שטעהט א טעלער מיט פארשידענע „קרייטעכצער": מרור, חרוסת א.ז.וו. א זיסער שמייכל שוועבט אויף אלעמענס ליפען, אלע זענען צופרידען און היימליך, היימליך איז אויך דער ארח, וואס דער פאטער האט מיטגעבראכט.

# דער פארלארענער קיטעל.

אדער

## ווי אזוי דער טאטע האט צוריק די מאמען גענומען.

(א מעשה אין בריף).

פריי בעארבייט נאך א פרעמדע טהעמע פון ל. ף.

---

### יוסל חקרן צו חיים בעל דמיון.

ווארשא י"ז אדר.

ליבער חיים! היינט האב איך דיר צו שרייבען זעהר א וויכטיגען נייעס, אויף וועלכען דו וועסט זיך שטארק וואונדערען: איך האב זיך געזעגנט מיט מיין ווייב. וועסט דאך אוודאי מיינען, אז עס איז פריהער צווישען אונז געוועזען גרויסע מחלוקת און קריגערייען און זלזולים און קללות, ווי דער שטייגער איז, אז א מאן גט דאס ווייב; האסט דו א גרויסען טעות. ביי אונזער גט איז ניט שייך צו זאגען דער מאן האט אבגעזעגנט דאס ווייב, נאר דאס "פאר" האט זיך צעזעגנט, ביידע האבען מיר דערצו מסכים געווען און מיר האבען זיך די גאנצע צייט פון גט נישט געביטען א ווארט אויף א ווארט, און דאס אייגענע באלד נאך דעם גט. אדרבא, וואס מיר האבען זיך אין הארצען אנגעוואונשען איינם דאס אנדערע זאל חאטש א דריטעל מקוים ווערען. זי איז זיך אוועקגעפאהרען צו איהרע קרובים אין קוטנא, א שטעדטל נישט ווייט פון ווארשא, וואו זי וועט אוודאי צוברענגען די רעשט ביסל יאהרען און הלוואי אין נחת, איך ווינש איהר דאס פון גאנצען הארצען. איך בלייב, לעת עתה, אין דער אלטער דירה און אפשר ניט. דעם אמת זאגענדיג האב איך פיינט די גאנצע פאקעניש און ציהעניש, אהן א בעל-הבית'טע וועט ווערען א תל פון דעם גאנצען ביסל בעל-הבית'ישקייט און דער עיקר די ספרים, זיי וועלען זיך גאר צעשיטען בלעטלעך-ווייז. עס איז אפילו צו פיעל פאר מיר צוויי צימער מיט א קיך, נאר גנה שלעפ זיך דריי וואכען פאר פסח אין א נייע דירה ווער האט כח דערצו?

וועסט דאך אוודאי פרעגען די קשיא, אם-כן, אז יא אזוי, אז ביי אונז איז קיין מחלוקת נישט געוועזען, אז עס איז געוועזען א לעבען ווי ביי די טויבען, טא פאר וואס האבען מיר זיך גע'גט? מן הסתם איז דא א גוואלדיגע סבה, מן הסתם האט עפיס פאסירט א מעשה רע, אזוי וועסט דו דאך קלערען. האסט דו, מחילה, ווידער א גרויסען טעות. עס האט זיך קיין שום מעשה רע נישט געטראפען, אז איך זאג דיר מעגסט שוין גלויבען, ווייסט אז יוסל חקרן זאגט נישט קיין ליגענט. איך ווייס שונאים וועלען שוין האבען וואס צו רעדען, דא וועט שוין גילטען צונג-מלאכה, יעדער וועט זיך זאגען איין אנדער גלייך-ווערטל, וועט אויסטראכטען איין אנדערען שקר. און צוריקגעשמועסט, האב איך זיי נישט וואס צו פארדענקען, עס איז דאך א פלא, מענשען, וואס האבען חתונה געהאט, ברוך השם, נישט דורך א שדכן, נישט מחמת געלד אדער צוליב אנדערע חשבונות, נאר אויס ריינע ליבע, מענשען האבען אבגעלעבט צעהן קיילעכדיגע יאהר א לעבען ווי צוקער זיס און פון דער העלער הויט צע'גט מען זיך. היינט גנה דערצעהל יענעם מעשות, שנייד פאר איהם אפען דאס הארץ און ווייז איהם. די נארישע וועלט קאן בשום אופן נישט פארשטעהן דעם ריכטיגען תוך פון א זאך, זי קאן נישט גלויבען, אז מענשען קאנען ליידען שרעקליכע יסורים און הארצווייטאג און זיין דערביי שטיל און רוהיג. מענשען זענען געוואהנט, ווי דער סדר עולם איז, אז ביי א גט מוז זיין פריהער מחלוקת און קריגערייען און דערנאך בלייבט מען זיך דם שונאים און טאמער נישט, טאמער זעהען זיי, אז עס געהט צו שטיל, בנעימות'דיג, אהן גוואלדען, אהן ליארם, זוכען זיי דרינען סודות, פארבארגענע זאכען און געפינען טאקי, פונקט ווי זיי געפינען סודות און פארבארגענישען אין אלץ וואס זיי פארשטעהען נישט; זיי לעגט זיך גאר נישט אויף דעם שכל, אז עס קאן אנדערש געמאלט זיין, אז עס איז קיין ראיה נישט צו נעמען פון

---

צי אשטייגער רב ישראל בעל שם טוב? וואס פאר א ווערט וואלט ביי איהם אשטייגער געהאט דער בוג אז ס'איז מארגען שבת ערב-פסח?...

אזעלכע און כדומה אזעלכע מחשבות האבען געווירמעט זיך אויף און אפ ביי פישלען אין קאפ, איהם געטראגען אין דער לופטען און פארטראגען איהם אזוי ווייט אויפ'ן ברעג טייך, אז ער האט זיך גאר נישט ארומגעקוקט, אז ס'איז שטאק נאכט און דער הימעל האט זיך אויסגעשטערענט און א קיהל ווינטעל האט זיך פארגנבעט צו איהם אונטער דער קאפאטע און פון דארט ביז'ן טלית קטן—און פישל איז אריינגעגאנגען צו פראקאפ דעם פאראמשטשיק זיך אביסל אנווארעמען און טאקי אין איין וועגס אויף נעכטליגער, מיט א האפנונג, אז אם ירצה השם מארגען וועט ער ווי ס'ניט איז אריבערפאהרען דעם בוג — אזוי האט איהם מבטיח געווען פראקאפ אליין — און קומען בשלום אהיים, גאט זאל העלפען חאטש פארפריה, מע זאל נאך קאנען פארחאפען אין מרחץ אריין.

ו.

א שווערע נאכט האט פישל דער מלמד איבערגעלעבט ביי פראקאפ דעם פאראמשטשיק אין שטיבל — אזא נאכט זאל זיך שוין ניט אומקערען! — און ס'איז געקומען דער פריה מארגען מיט א פריינדליך שמייכעל פון דער ליכטיגער פרייליכע זון, א שענער א זעלטענער טאג האט זיך געשטעלט מיט א זיס ווארעמקייט, וואס דורך דעם איז פונ'ם איבעריגען ביסל שניי געווארען קאשע, און פון דער קאשע-וואסער, און דאס וואסער האט זיך פון אלע זייטען אריינגעגאסען אין בוג אריין; און דער בוג איז געווארען לויטער, העל בלוי, הויך, און משופע'דיג, און נאר זעלטען האט מען באגעגענט יענע גרויסע שטיקער אייז, וואס זעהען אויס ווי לעבעדיגע מורא'דיגע חיות, ווייסע עלעפאנטען וואס יאגען, לויפען, איילען זיך, האבען מורא זיי זאלען ניט פארשפעטיגען. פישל דער מלמד האט אבגעדאווענט, פארביסען מיט'ן לעצטען ביסל חמץ, וואס האט זיך געפונען ביי איהם אין טלית-זאק און איז ארויסגעגאנגען צום טייך א קוק טהון, וואס הערט זיך מיט'ן פאראם, און ווי נבהל ונשתומם איז ער געווארען, אז ער האט דערהערט פון פראקאפען, אז דעם פאראם וועט מען קענען לאזען געהן ערשט הלוואי מאנטאג נאך האלבען טאג! פישל האט זיך אנגעחאפט מיט ביידע הענט ביים קאפ, געמאכט מיט אלע אברים, געבייזערט זיך אויף פראקאפען און געזידעלט איהם אויף זיין לשון, האלב אויף גויש האלב אויף לשון קודש, דאס איבעריגע מיט די הענט: למאי האט ער איהם נעכטען געגעבען האפנונג, אז מען וועט היינט קאנען אריבער דעם טייך מיט'ן פאראם? דערויף האט איהם פראקאפ גאנץ קאלטבלוטיג געענטפערט, אז ער האט איהם ניט אנגעהויבען צוזאגען איבערפיהרען מיט'ן פאראם; ער האט איהם נאר צוגעזאגט אריבערפיהרען, און אריבערפיהרען קאן ער איהם, אויב

איינעם אויף דעם צווייטען, אז יעדער מענש איז זיך א בעזונדערע וועלט פאר זיך אונ יעדע מקרה, יעדער צופאל וואס טרעפט, איז גאר א בעזונדערע ערשיינונג אונ די אייגענע מקרה מאכט גאר א גאנץ אנדערען רשם, ווירקט גאר אנדערש אויף איינעם ווי אויף דעם צווייטען. נאר איך האב מיך שוין צופיעל פאר'חקירה'ט, נאר דו, ליבער חיים, מיין איך ווערסט מיך פארשטעהן, דו ווערסט מודה זיין, אז צוויי פיינערע מענשען, וואס האבען אין א משך פון צעהן יאהר זיך געפריווט נישט איינמאל אויסצוגלייכען זייערע כאראקטערען, זיך בעמיהט זייערע נאטורען זאלען שטימען אונ עס איז זיי נישט געראטען, מיזען זיך גט'ען.

איך מיט מיין פרוי זענען ממש שני הפכים, אמת'ע קאנטראסטען. זי האט זיך איהר טבע, וואס איז פונקט דער היפך פון מיינע, היינט פרעג איך דיך אליין, איז א היכא תמצא, איז גאר מעגליך, מיר זאלען קאנען צו־זאמען לעבען, אז זי קוקט אויף דער וועלט גאר מיט אנדערע אויגען ווי איך. די ערשטע יאהרען האט זיך מיר אלץ געדאכט, קיין בייז נישט, מען וועט זיך איינלעבען, בפרט אז זי איז אזא גוטע, טאקי ווי מען זאגט א מענש אהן א גאל. די ערשטע פאר יאהר האב איך ביי איהר אלץ געפועל'ט׳ זי האט זיך פון מיר געלאזט לעהרנען אין יעדער זאך, וואס איך האב געזאגט איז געוועזן קודש קדשים. דאכט זיך גאנץ גוט נאך בעסער ווי געוואונשען, אונ אפשר וואלט טאקי ווייטער אויך אזוי געוועזן, ווען עס מאכט זיך נישט דאס אומגליק. דענסטמאל ווען אונזער יצחק'ל איז אונז געשטארבען, פון דענסטמאל אן איז זי גאר איין אנדער מענש געווארען, א היפך מן הקצה אל הקצה. דאס אומגליק, וואס מיר דאכט, אז מיר וועלען עס ביידע ביז אין קבר אריין נישט פארגעסען, האט איהר אין גאנצען איבערגע־אנדערשט, זי איז געווארען אוים ווייב, זי איז געווארען א פאלגער מאנסביל, ערנסט אונ הארט, נישטא די אמאליגע ווייכקייט, דאס אמאליגע צוגעלאזענקייט. זי האט אנגעהויבען זיצען שעה'ן לאנג פארקלערט, פארטראכט אונ פאר'יסורים'ט. דאס ליגט גאר נישט אין איהר טבע, זי איז גאר אדרבא כל ימיה געוועזן א לוסטיגע, א לעבעדיגע, שטענדיג אונטער־טאנצען, אונטער־זינגען, טיילמאל אפילו אויפ'ן ביי־קול א לידל. אמת דאס האט מיך שוין האלב פארדראסען. קענסט מיך, איך בין נישט פון די ל"ו צדיקים, מיך ארט נישט וואס זי געהט אין די האר, אבער דאס פאסט נישט פאר א נקבה, דאס איז שוין נישט יודישליך; נאר אויסגערעדט האב איך איהר נישט, אז איך זעה, אז זי האט דערפון א הנאה, א דאגה מיינע, זאל זי עס טון. אונ היינט א פארביטערטע אין גאנצען. וואס האב איך מיט איהר נישט צערעדט, נישט צעטענה'ט׳ איך האב איהר געבראכט ראיות פון אונזערע ספרים אונ פון זייערע ביכער, הערט די וואנט? אזוי האט זי דאס געהערט. זי האט גאר מיט אמאל בעקומען תביעות צו מיר, גאנצע פרעטענזיעם, למאי ווייבער זענען געגליכענט צו גאר נישט, מען האלט נישט פון זיי, די גאנצע סמעטענע געהערט דעם מאנסביל אונ פאר זיי בלייבט די סארוועטקע...

שפעטער איז זי מיר געווארען איין אמת'ע „כנגדו". האב איך געזאגט טאג האט זי געזאגט נאכט, האב איך געזאגט מזרח האט זי געזאגט מעריב, קיין מחלוקת איז אפילו ביי אונז קיינמאל נישט געוועזן, קענסט דאך מיך, אז איך בין נישט דער מענש אויף ארומ־קריגען זיך, אבער גלאט אזוי, גאנצע טעג פלעגט זי ארומגעהן פאר־דרעהט די נאז. פארקרומט אונ אנגעבלאזען. עפים ווי צוויי שונאים זענען מיר ביידע ארומגעגאנגען אין שטוב, איינער נישט געקוקט אין דעם אנדערענס ד' אמות. וואלטען מיר פארדעם איינער דעם אנדערען נישט געוועזן אזוי איבערגעגעבען בלב ונפש, וואלט דאס אונז אפשר איצטער נישט אזוי פיעל געקרענקט, וואלט אונז אפשר נישט אזוי שווער געוועזן אריבערצוטראגען. אונ וואס א טאג איז געגאנגען ערגער אונ ערגער, מיר זענען די לעצטע צייט שוין נישט ווי שונאים געוועזן, נאר גלאט ווי צוויי ווילד פרעמדע מענשען, וואס האבען גאר קיין שום שייכות נישט איינער צום צווייטען.

ערשט מיט איין אכט טאג צוריק, אז מיר זענען ביידע געזעסען

---

ער וויל, מיט א שיפל, אויף א לאדקע, אויף א מולטער.

— נעחא בודע לאדקע, נעחא בודע מולטער, אבי נע פראזנע־קאוואטע חלילה נא דוויר! *)

אזוי האט איהם פישל געזאגט אונ איז גרייט געוועזן אין דער מינוט זיך לאזען אליין איבערשווימען דעם טייך, זיך מוסר נפש זיין צוליב דעם היילינען יום־טוב, אונ ער האט גענומען אונטערטרייבען פראקאפען, ער זאל שוין גיכער נעמען די לאדקע אדער די מולטער אונ אריבערפיהרען איהם שוין אויף יענער זייט בוג. קיין חאשטשע־וואטע, וואו בת שבע, אפרימ'קע אונ ריזל קוקען שוין ארוים אויף איהם, סע קאן זיין, אז זיי שטעהען אויף יענער זייט בוג, דארט אויף יענעם בארג אונ זעהען איהם, ווינקען צו איהם, מאכען צו איהם מיט די הענט, רופען צו איהם, נאר מען זעהט זיי ניט אונ מען הערט נישט זייער קול, ווייל דער טייך איז ברייט מורא'דיג ברייט, ברייטער ווי תמיד!

פישל טרייבט פראקאפען, נאר פראקאפ חאפט זיך ניט; ער זאגט איהם, אז חאטש ער איז א „ראבין", פון דעסטוועגן איז ער א נאר, א גרויסער נאר; ער פארשטעהט ניט, זאגט פראקאפ, אז פאר האלבען טאג קאן מען זיך ניט מיט קיין מולטער לאזען אויפ'ן טייך; לאז פריהער איבערגעהן, זאגט פראקאפ, די רעכטע קריהע, וועט מען נאכדעם זעהען, דאס איז נומער איינס. אונ צווייטענס בעדארף מען, זאגט ער, פריהער צושלעפען דאס שיפל צו א רעכט ארט אונ פון דארטען זיך זעצען פאהרען.

פון פישל'ען פאלען שטיקער פלייש; ער וואלט שוין גערן וואס גיכער, אונ פראקאפ האט צייט, ער באארבעט זיך דארטען ביים ברעג, מאכט צורעכט דאס שיפל די דושעהובקע, שלעפט דאס מיט איין האנט אויף דער יבשה אזוי גרינג ווי א קליין קינד שפילט זיך מיט א צאצקעלי, אונ בלייבט שטעהן אלע מאל אונ קוקט אהין אויפ'ן טייך ארויף.

די זון האט שוין געהאלטען העכער האלב וועג אין טיעפען לויטערען בלויען הימעל בשעת פראקאפ האט געהייסען פישל'ען ער זאל שפרינגען אין מולטער אריין. אונ אז פישל האט דערהערט די דאזיגע ווערטער האט ער מיט אמאל אבגעלאזט העגט אונ פיס אונ האט ניט געוואוסט, וואס זאל ער טהון. זינט ער לעבט איז ער נאך ניט געפאהרען אויף קיין מולטער; זינט ער לעבט האט ער זיך נאך ניט געשיפט אין א שיפל. אונ עס האט זיך איהם אויסגעדאכט, אט אט טהוט זיך עס א בייג אין א זייט—איז מען דאך א קדוש!

— שפרינג אין מולטער אריין וועלען מיר שווימען! — האט איהם פראקאפ נאך אמאל געזאגט אונ מיט איין מאך מיט דער האנט

*) לאז זיין א לאדקע, לאז זיין א מולטער, אבי ניט יום טוב האלטען חלילה אין דרויסען!

פאר'ברוגז'ט דער ביי איין עק טיש, דער ביי דעם צווייטען, האט זיך ביי אונז ביידע געמאכט א שמועס וועגען גט׳ען זיך. איך געדענק שוין נישט אזוי אויף זיכער, ווער עס האט דעם שמועס אנגעהויבען, נאר ביידע האבען מיר גערעדט דערפון, ווי עס וואלט געווען שוין איין אבגערעדטע זאך פון לאנג, א זאך וואס קאן שוין גאר אנדערש נישט זיין און מען דארף נאר רעדען וועגען די פרטים ווי און וואס דאס זאל זיין.

און נעכטען זענען מיר ביידע געגאנגען צום רב.

איך וואלט א בעל'ן געווען, דו זאלסט דערביי זיין און צוזעהען ווי דער גט איז צוגעגאנגען. דו וואלסט אין לעבען נישט געגלויבט, אז דאס געהט מען צום גט. איינער האט דעם אנדערען א האלב ווארט א שלעכטס נישט געזאגט. זיך ניט פארגעווארפען דאס מינדסטע. די רבי'צען, א ציקאווע יודענע, האט זיך נישט געקאנט אבוואונדערען; זי האט נישט גערעדט, נאר דערקענט האב איך אן איהר פנים, וואס זי האט אלע רגע ארייגעשטעקט איי דער האלב אפענער טיר, אז זי קאן זיך נישט אבוואונדערען.

ווי מיר איז געווען אויף דעם הארץ בשעת מעשה, קאן איך דיר נישט איבערגעבען. איך זאל זאגען עס האט מיך פארדראסען, קאן איך נישט, עס האט מיר הנאה געטאן, אויך נישט; נאר דאס האב איך געפיהלט, אז איך טו א מצוה, אז איך בעפריי א מענשען פון איין אומגליק.

און איך אליין פיהל מיך אויך פריי, אראב אלע שטיינער פון הארצען. וועסט מיר גלויבען, איך האב שוין יאהרען־לאנג נישט אזוי גוט געשלאפען ווי די נאכט נאך דעם גט, איין אמת'ער שנת ישרים.

איצט ערשט וועט מען פארגעסען אלץ וואס עס איז געווען און מען וועט ערשט אנהויבען לעבען פון נייעם.

מעגסט מיר געבען מזל טוב, שאדט נישט.

יוסל חקרן צו חיים בעל דמיון.

ווארשא, כ״ח אדר.

ידידי חיים! האב נישט קיין פאראיבעל, וואס איך האב דיר אזוי לאנג נישט געשריבען קיין תשובה אויף דיין בריף, אין וועלכען דו האסט מיר אזוי געטרייסט און אין וועלכען דו אינטערעסירסט זיך אזוי שטארק פאר מיר. גלויב מיר באמונות, אז איך האב פריהער דיר נישט געקאנט שרייבען און איך האב מיר קוים אוועקגעריסען איצטער אויף אפאר מינוט דיר אנצושרייבען עטליכע ווערטער. עס איז קורץ פאר יום־טוב און איך וויל מיר נייען א נייעם מלבוש. געה זוך א שניידער, זיי ווילען שוין גאר נישט צונעמען קיין ארבייט, איך זאל אליין געהן נעמען סחורה, זיי האבען קיין צייט נישט מיט מיר מיט צוגעהן; ווייסט דאך ווי איך טויג מיר דערצו, איך וועל שוין באצאהלען דריי מאל וויפיעל די ווערט איז. איך דאנק דיר, ליבער חיים, טויזענט מאל פאר דיין פריינדליכען בריף און פאר דיין מזל טוב, וואס דו שיקסט מיר. לויט דיינע רעד קומט אוים, אז עס איז פאר מיר א גליק, וואס איך בין זיך מיט איהר צעגאנגען, אז ערשט וועל איך קאנען קומען צו זיך און וועל ווערען א מענש, אז איצט וועל איך קאנען אסך טון פאר מיינע פלענער, מיט וועלכע איך טראג מיך ארום און גיסט מיר איין עצה איך זאל דאס אין גאנצען פארגעסען, איך זאל גאר מעהר נישט קלערען וועגען דעם—עס איז לייכט זיך אבצוזאגען: פארגעסען; מען וואהנט מיט א מענשען עלף יאהר, מען ווערד צו איהם ווי צוגע־בונדען און מיט אמאל גאר נישט, אוים מחותנים, מען געהער זיך גאר נישט אן איינס מיט דעם אנדערען, גלאט אזוי. אז מען געוואהנט זיך אפילו צו צו א בהמה, להבדיל, א קאץ, אז מען האלט אין שטוב איז זיך אויך שווער צו שיידען, בפרט נאך פון א ווייב; ווארום באמת, וואס האב איך אויף איהר אזוינס שלעכטס צוזאגען. היינט א חוץ אלצדינג פעהלט זי מיר טאקי אויף שריט און טריט. ווייסט דאך, אז דו ביזט דאס לעצטע מאל געווען ביי אונז האבען מיר געהאט די קעכין מיט די געלע האהר. ביי א בעל הבית'טע, וואס גיט אויף אלץ אכטונג, איז

איז ער צוגעשוואומען צום ברעג נאך נעהנטער און צוגענומען ביי פישל'ען דאס פעקל פון די הענט.

פישל דער מלמד האט גאנץ פיין פארקאטשעט די פאלעס, אנגעהויבען דרעהען זיך אויף איין ארט, זיך געישוב'ט, צי זאל ער שפרינגען, צי זאל ער ניט שפרינגען? פון איין זייט שבת ערב פסח, בת שבע, אברימ'קע, רייזל, מרחק, סדר, מלך... פון דער אנדערער זייט—סכנת נפשות, מלאך המות „המאבד עצמו לדעת“,—זיך אליין גע־נומען דאס לעבען, ווארום טאמער חלילה איין ביג—איז דאך אוים פישל!.. פישל האט זיך מ״ט די פארקאטשעטע פאלעס אזוי לאנג ארומגעדרעהט אויף איין ארט, ביז פראקאפ האט זיך צעשריגען אויף איהם, געזאגט, אז אט טהוט ער א שפיי און פאהרט אליין אריבער אויף יענער זייט קיין חאשטשעוואטע. דערהערט דאס ליבע ווארט חאשטשעוואטע, דערמאנט זיך פישל אן זיינע אייגענע און געטרייע, נעמט זיך אן מיט אלע כחות און פאלט אריין אין מולטער אריין. איך זאג „ער פאלט אריין“, ווייל פונ׳ם ערשטען שטעל מיט דעם פוס טהוט זיך דאס שיפל א ביג אויף א זייט, מיינט ער אז ער פאלט, טהוט ער זיך א חאפ צוריק, און פון דעם חאפ צוריק טהוט ער א פאל מיט'ן פנים אראב, ציהט זיך אויפ'ן דנא, און סע געדויערט עטליכע מינוט ביז ער קומט צו זיך, און דאס פנים איז איהם טוידט, הענט און פים ציטערען, און דאס הארץ ווי א זייגערל: טיק־טיק־טאק!

ז.

ווי ביי זיך אין דערהיים אויפ'ן בענקל זיצט פראקאפ אויפ'ן שפיץ מולטער, א מאך מיט דער וועסלע פון איין זייט, א מאך מיט דער וועסלע פון דער אנדערער זייט — דאס שיפל גליטשט זיך איבערן שפיגעלדיגען וואסער און ביי פישל'ען דרעהט זיך דער קאפ, קוים וואס ער זיצט. ער זיצט? ניין, ער הענגט, ער הענגט אין דער לופטען, אט אט טהוט ער זיך א שלעכטען ריהר, אט אט רייסט ער זיך אפ, איין ביג אויף א זייט — און פליוך אין וואסער אריין! און ביי דעם געדאנק קומט איהם אויפ'ן זינען דער פסוק פון דער שירה: צללו כעופרת במים אדירים — פארזונקען ווי בליי אין די שטארקסטע וואסערען — און עס שטעלען זיך איהם די האר קאפויר פון אזא מין טוידט, נישט קומען אפילו צו קבר־ישראל! און ער איז מנדר... וואס זאל ער מנדר זיין? צדקה? האט ער קיין געלד ניט; ער איז נעביך א גרויסער, גרויסער ארעמאן! — איז ער מנדר, אז גאט וועט איהם ברענגען בשלום א היים, וועט ער זיצען גאנצע נעכט און לערנען און וועט דורכגעהן דורכ'ן יאהר גאנץ ש״ס, אם ירצה השם מיט גאטס הילף...

פישל וואלט א בעל'ן זיין וויסען צי ס'איז נאך ווייט ביז צו יענעם ברעג. און ווי אויף צו להכעים האט ער זיך געזעצט מיט'ן פנים צו פראקאפען און מיט'ן הינטען צו חאשטשעוואטע. פרעגען

זי נאך געווען צו דערליידען, האט זי נאך געטוינגט צו עפּיס, היינט אהן א בעל־הבית'טע געהט אלץ קאפּויער. זי האלט זיך ניט אין שטוב און לויפט אלץ ארום, אלע מינוט ווערד זי פארפאלען. ווער רעדט פון א גלאז טיי, פון א זעמעל, איך פלעג זיצען א פארחלעש'טער ביז צוויי דעם זייגער, געהן אין א קאפּיינע ווילט זיך נישט, מען איז שוין עלף יאהר אבגעוואהנט דערפון; געלויבט גאט, אז איך בין פּטור געווארען פון דאס קאוועלערסקע לעבען, הייב אן פון נייעם די סדרה. איך בין געווארען אויס בעל הבית, קיין זאך געהערט נישט מעהר מיר, וואס איך לעג אוועק געפין איך נישט, קיין טינט, קיין פעדער, קיין פּאפּיר. איך קום נאר אב גאנצע טעג אין זוכען, און רעדען טאר איך נישט, רעד איך אויס א ווארט עפענט זי אמויל, אז איך דאנק גאט אז זי הערט שוין אויף. פאר איהרען א קוק פלעגט זי פליהען אין די ווינקעלעך און פאר מיר האט זי קיין שום דרך ארץ נישט.

דו קענסט דיר גאר נישט פארשטעלען וואס איך לייד פון איהר, ווער קאן עס גאר אלץ אויסרעכענען, ווער קאן דאס אלץ געדענקען. עס איז נישטא דער טאג, וואו עס מאכט זיך נישט א נייער שברת הלב, נייע הארץ עסעניש. אט איצט האב איך איין עסק מיט דעם קיטעל מיינעם. עס געהט צו פּסח, האב איך גענומען אויפזוכען די הגדה, די כוסות און דעם קיטעל מיינעם. אלץ האב איך געפונען און דער קיטעל איז ווי אין דער ערד אריין גיטא און גיטא, איך זוך און זוך און זי, די מאוסקייט, זעהט דאכט זיך אז איך האב שוין קיין קאפּ נישט זוכענדיג, עס זאל דאס איהר גאר א טשעפּע טון! זי שטעהט זיך אין עס צימער און חוכא וטלולי'עט דארטען מיט נאך א מויר, איך האב געמיינט די שלאק נעמט מיך. ערשט אז איך האב שוין קיין כחות נישט געהאט מעהר זוכענדיג, רופט זי זיך אן: "איהר קעהרט א ודאי זוכען דעם קיטעל, די מאדאם האט עס אוועקגעגעבען אין פּראלנא צום וואשען". האסט דאך געקאנט גלייך זאגען, זאג איך איהר געלאסען,—זעהסט דאך אז איך זוך—נו, נו! מעהר האט מיר נישט געפעהלט. איך וועל שוין דאכט זיך פארזאגען א צעהנטען אויסצורעדען צו איהר א ווארט. אז דאס גיהנם האט זיך שוין פארמאכט און זי האט ניט אויפגעהערט לארעמען. פרעג איך איהר אין וועלכע פּראלנע? — איך וייס? — ענטפערט זי מיר מיט רוגזה—אגעשעפּט האב איך צו געדענקען אין וועלכע פּראלנע די שמאדאם האט עס אוועקגעגעבען. בקיצור, איך בין שוין געווען אין צוועלף פּראלנעס, קיינער ווייסט נישט, היינט געה געפין א נאדעל אין א זאק, טרעף אין וועלכע פּראלנע מיין קיטעל ליגט.

ווי איך האב דיר שוין געשריבען. זענען מיר זיך פונאנדער געגאנגען גוט איינער מיט דעם אנדערען, נאר פון דעסטוועגען האט מען זיך אבגערעדט, אז גע'גט איז געגט און מען זאל זיך צומאל קיין גרוס איינער דעם אנדערען נישט שיקען, גאר נישט, ווי מען וואלט זיך גאר קיינמאל נישט געקענט און אויס. ווען נישט דער אבמאך, וואלט איך איהר געשיקט א בריוועלע, דעם אדרעס איהרען האב איך, און וואלט איהר פּשוט אנגעפרעגט, אין וועלכע פּראלנע זי האט אוועקגעגעבען דעם קיטעל וואשען. נאר גלייכער טאקי נישט שרייבען, איך וייס? איהר קאן נאך איינפאלען, אז איך שרייב דאס מיט א כיון, אז איך וויל אריינקומען מיט איהר אין א קארעספּאנדענציע. א דאגה וואס איהר קאן איינפאלען. זי קאן מיינען, אז איך האב חרטה אויף דעם גאנצען עסק, אז איך זוך נאר איין אויסרעד.

---

## יוסל חקרן צו זיין געוועזענע ווייב טויבע.

ווארשא ב' ניסן.

טויבע לעב! דו וועסט זיך אודאי דערשרעקען זעהענדיג א בריף פון מיר. שרעק זיך נישט, אבמאך בלייבט אבמאך. איך מיין חלילה נישט, מיר זאלען זיך אריינלאזען אין קארעספּאנדענציעס, אין גאנצען געהט עס נאר אין א קליינע בקשה: דו זאלסט מיר שרייבען אין וועלכע פּראלנע האסט דו אוועקגעגעבען וואשען מיין קיטעל די קעכי'ן קאן זיך נישט דערמאנען וואו. איך פארהאף, אז דערמיט

---

פּראקאפען האט ער מורא ארויסלאזען א ווארט פונ'ם מויל; עס ווייזט זיך איהם אויס, אז פונ'ם קול אליין וועט זיך דאס שיפל געבען א הוידע, און לאז זיך דאס שיפל געבען א הוידע — איז ניטא פישל! נאר פּראקאפּ אליין עפענט דאס מויל און הויבט אן רעדען. ער זאגט, אז ס'איז ניטא קיין ערגערע נסיעה אויפ'ן וואסער ווי בשעת קריהע געהט נאך; מע קאן, זאגט ער, ניט פאהרען גלייך, מע מוז זיך קלינגען, דרעהען ארום און ארום, אומקעהרען זיך אלע מאל צוריק.

— אט געהט א שטיק אייז גלייך אויף אונז, מוז מען זיך נעמען צוריק.

אזוי זאגט פּראקאפּ און טהוט זיך א נעם צוריק און לאזט דורך פארביי א גאנצע מאכינע, וואס שווימט דורך פארביי מיט א משונה מאדנע הולך, וואס פישל האט נאך אזעלכס קיין מאל נישט געזעהען און נישט געהערט, און ער הויבט ערשט אן פארשטעהן ווי ווייט די דאזיגע נסיעה איז א מסוכנ'ע זאך, און ער וואלט אוועקגעגעבען מי יודע וואס, אבי ער זאל שוין גיכער קומען צום ברעג אדער אומקעהרען זיך צוריק.

— א! דו זעהסט? — מאכט צו איהם פּראקאפּ און ווייזט איהם אן אהין ארויף.

פישל הויבט אויף די אויגען פּאוואלינקע, האט מורא זיך א שטארקען ריהר טהון, קוקט — קוקט ארויף או זעהט נישט גאר ניט; ער זעהט נאר וואסער, וואסער און וואסער.

— דאס געהט אויף אונז א גרויסע קריהע, מע דארף איבערלויפען גיך, ווארום צוריק זיך נעמען איז שוין שפּעט.

אזוי זאגט פּראקאפּ און ארבייט מיט ביידע הענט גאנץ געשמאק און דאס שיפל גליטשט זיך, שוועבט ווי א פיש אין וואסער, און פישל פיהלט אז סע ווערד איהם קאלט אין אלע אברים; ער וויל עפּיס א פרעג טהון, נאר ער האט מורא איינשטעלען זיך. פּראקאפּ רעדט אבער אליין.

— אויב מיר וועלען ניט פארחאפּען פריהער מיט א האלבע מינוט איז שלעכט.

דא קאן זיך פישל ניט איינהאלטען און פרעגט איהם איבער:

-- דהיינו וואס הייסט שלעכט?

— שלעכט הייסט אז מיר זענען פארפאלען — זאגט פּראקאפּ.

— פארפאלען?

— פארפאלען.

— דהיינו וואס הייסט פארפאלען? פרעגט איהם איבער נאך אמאל פישל.

— פארפאלען הייסט עס וועט אונז פאררייבען.

— פאררייבען?

— פאררייבען.

פישל פארשטעהט ניט רעכט וואס בעדייטען די ווערטער

וועט אונזער אבמאך נישט זיין געבראכען און דו וועסט מיר באלד שרייבען דעם ריכטיגען אדרעס.

יוסל.

---

## טויבע צו איהר געוועזענעם מאן יוסל חקרן.

קוטנא ד׳ ניסן.

יוסל לעב! דעם קיטעל דיינעם האב איך אוועקגעגעבען וואשען אין פראלנע ביי בצלאל ליכטשנייצער אויף פאנסקא נום. 17 באלד אין פראנט. דאס איז א ביסל א קערצישער זכרון, נישט צו געדענקען פון דאנען א היין, זי האט דאך דאכט זיך אליין אוועקגעטראגען דענסט־מאל דעם קיטעל.

טויבע.

---

## יוסל חקרן צו זיין געוועזענע ווייב טויבע.

ווארשא ו׳ ניסן

ליבע טויבע לעב! נאר נאך איינמאל און מעהר נישט. ר׳ בצלאל ליכטשנייצער זאגט, אז ער קאן מיר דעם קיטעל נישט ארויסגעבען, וואו איך וועל נישט ברענגען דאס קוויטעל, וועלכען ער האט דערויף ארויסגעגעבען. — אמת זאגט ער, ער קען מיר פאר איין ערהליכען מאן און איך וועל נישט פארלאנגען וואס עס איז נישט מיינס; נאר עס האט איהם שוין געקאסט — זאגט ער — גוטע רבי געלד דאס געטרויען אהן א קוויטעל און ער האט זיך געמאכט א חק ולא יעבור קיינעם נישט צו געטרויען, מעג עס זיין אפילו מר בר רב אשי. היינט האב איך איין עסק צו זוכען דעם קוויטעל, איך האב שוין די גאנצע שטוב איבערגעקעהרט קאפויער און נישט געפונען, זי מיט איהר אייזערנעם זכרון ווייסט אודאי נישט פון קוויטעל. אין כעס בין איך דענסטמאל געווען, אז עס האט אויף מיר געברענט די האר אויפ׳ן קאפ, נאר איך האב מיר פונדעסטוועגען איינגעהאלטען מיט אלע כחות און האב איהר טאקי ווי מען זאגט געבעטען רחמים, זי זאל מיר העלפען אויפ־זוכען דאס קוויטעל און האב איהר אויסגערעדט: ווי האט מען דאס אויף אזוי פיעל קיין זכרון נישט. האב איך דאס געהאט פון איהר איין אבשניט, אז איך האב מיר פארוואונשען דאס לעבען, א העזה א ביסל פון א דיענסט־מויד! זי געהט מארגען אוועק, זאגט זי, איך זאל איהר געבען דאס ביכעל מיט די זאכען. ווען נישט ערב יום טוב וואלט איך איהר געלאזט לויפען. איך האב זיך קוים איינגעבעטען זי זאל בלייבען חאטש ביז דעם נייעם קווארטעל און האב איהר נאך צוגעזאגט צו געבען אויף פסח אויף א קלייד צייג; נאר, אם־ירצה־השם. נאך אסרו־חג גופא בעצאהל איך איהר וואס עס קומט און ווארף זי ארויס! זי האט מיר אזוי דערעסען, אז איך קאן איהר אין פנים אריין נישט קוקען, אזא פארשיווע מויד.

בכן, בעט איך דיר, זאלסט אזוי גוט זיין און מיר שרייבען וואו דו האסט אוועקגעלעגט דאס קוויטעל. ארומלויפענדיג פון איין פראלנע אין דער אנדערער האב איך מיר גאנץ שעהן צוגעקיהלט. איך מיין אז דיר צווישען אייגענע מוז עס נישט שלעכט געהן.

יוסל.

---

## טויבע צו איהר געוועזענעם מאן יוסל חקרן.

קוטנא ח׳ ניסן.

ליבער יוסל! דאס קוויטעל מוז זיין אדער אין קליידער שאפע אין דער אונטערשטער שופלאד אדער אין שופלעדל פון טישל, אז איך וואלט זיין וואלט איך עס באלד געפונען. וואס דו בעקלאגסט זיך אזוי אויף די קעכין איז מיר א ביסל א וואונדער, אמת זי האט גרויסע חסרונות, אבער אוועקלאזען איהר וואלט איך דיר נישט ראטען וואו קריגט מען דאס די בעסערע? זי האט חאטש איין מעלה, זי האלט זויבער דיווירטשאפט; אנדערע האבען דאס אויך נישט. און איצט פאר דעם „קווארטעל" וועסט דו אודאי נישט בעקומען. פארפאלען, דו מוזט שוין פון איהר ליידען. איבריגענס איז דאס איצט שוין נישט מעהר מיין דאגה, טו ווי דו פארשטעהסט. איך פארהאף אז די פאר־

---

„פארפאלען", „פארטרייבען"; נאר פיהלען פיהלט ער, אז סע שמעקט מיט „יענער וועלט", און א קאלטער שווייס טריט איהם ארויס אויפ׳ן לייב, און דער פסוק פון דער שירה קומט איהם נאך אמאל ארויף אויפ׳ן זכרון: „צללו כעופרת במים אדירים. פארזונקען ווי א בליי אין די שטארקסטע וואסערען".

און בכדי צו בארוהיגען אונזער פישלען דערצעהלט איהם פראקאפ א שענע מעשה, פון פאראיאהרען אין דער צייט, דער בוג האט זיך „אפגעריסען" און דעם פארם האט מען ניט געקאנט לאזען, האט זיך איהם געטראפען א פארשוין, איין אקציזנע טשינאווניק פון אומאן, א וואהלער פארשוין, צוגעזאגט באצאהלען א גאנץ קערבל (א קארבאוואנעץ!). האבען זיי געהאט א ביז באגעגעניש מיט צוויי מורא׳דיגע שטיקער אייז, האט ער זיך גענומען רעכטס, אריין צווישען ביידע קריהעס אין מיטען, געוואלט דורכשניידען ארויף, האט ער זיך אומגעדרעהט א בוצקע געטאן מיט׳ן שיפל און — באך אין וואסער אריין! א גליק וואס ער קאן שווימען. נאר דער אומאנער טשינאווניק איז קאפוט געגאנגען, און פארפאלען דאס קערבל.

— פראפאו קארבאוואנעץ! — אזוי האט פראקאפ אויסגעלאזט זיין שענע מעשה מיט א זיפץ, און ביי פישלען איז דורכגעגאנגען א פראסט איבערן לייב און ס׳איז איהם טרוקען געווארען אין מויל, נישט געקאנט אויסרעדען קיין ווארט, ארויסלאזען קיין קול, קיין פיפס פונ׳ם מויל.

ח.

סאמע אין מיטען טייך, סאמע אין רעכטען שווימען, האט זיך פראקאפ אפגעשטעלט, געקוקט — געקוקט ארויף וואסער; נאכדעם האט ער אוועקגעלייגט די וועסלע, ארויסגענומען פון דער טיפער קעשענע א פלעשל, איבערגעקעהרט דאס פלעשל און געגעבען א צוויי דריי זיפ, און צוריק פארשטעקט דאס און אריין אין קעשענע און פארביסען מיט עטליכע גאנצע פעפערלעך, און פארענפערט זיך פאר פישלען, אז ער מוז, ער מוז געבען חאטש א צוויי זיפ פונ׳ם ביטערען טראפען, אנדערש פיהלט ער זיך ניט גוט אויפ׳ן וואסער... און ער האט זיך אויסגעווישט דאס מויל און האט גענומען די וועסלע אין האנט, נאך א מאל א קוק געטאן א־ויף וואסער און א זאג געטאן:

— א טעפער טרעבא טיקאטי! *)

וואוהין אנטלויפען? פאר וועמען אנטלויפען? — דאס האט פישל ניט פארשטאנען און מורא געהאט פרעגען; נאר געפיהלט האט ער אז דא שמעקט מיט אומגליק, מיט מלאך־המות, ווארום פראקאפ האט זיך געשטעלט אויף די קניהעס, גענומען ארבייטען מיט דער וועסלע אויף אלע כחים און א זאג געטאן צו פישלען:

*) אצינד בעדארף מען אנטלויפען.

קיהלונג איז דיר זיך שוין אויסגעשטאנען. מיר, גלויבט השם יתברך, געהט עס דא גאר נישט שלעכט.

טויבע.

---

## יוסל חקרן צו זיין געוועזענע ווייב טויבע.

ווארשא י' ניסן

ליבע טויבע לעב! דאס קוויטעל האב איך נישט געפונען נישט אין שאפע, נישט אין שופלעדל פון טישל. עס קאן זיין, אז בשעת דו האסט זיך איינגעפאקט האסט דו עס אומגערן ארויסגעווארפען אונ זי די געראטענע זאך האט עס ארויסגעקעהרט צוזאמען מיט דעם מיסט, אנדערש קאן עס נישט זיין.

מארגען אדער איבערמארגען וועל איך נאך אמאל אריבער געהן צו בצלאל ליכטשנייצער, אפשר וועל איך מיר דאך איינבעטען ביי איהם, ער זאל מיר ארויס געבען דעם קיטעל אזוי. איך וואלט שוין היינט געגאנגען, קאן איך אבער נישט איבערן הוסט, ער לאזט נישט נאך אונ דערצו האב איך נאך בעקומען, נישט פאר דיר געדאכט א שטארקען קאפ־ווייטאג.

נעכטען איז געווען איין אמת'ער סקאנדאל מיט מיר אונ די קעכין.

איך האב מיר דערוואוסט, אז זי נעמט ביי מיר מעהר געלד וויפיעל איהר קומט. איך האב איהר מיט גוטען דאס פארגעהאלטען, האט זי זיך פון מיר אויסגעלאכט אונ האט מיך אבגעשיט מיט אזוי׳ע גראבע דבורים מיט אזוינע קללות אונ זלזולים, אז איך האב געמיינט איך וועל דאס נישט אריבערטראגען. זי זאגט מיר דעות, אז איך פארשטעה נישט דאס מינדעסטע וואס א ווירטשאפט הייסט, אז גאר דיר צוליב, טויבע לעב, איז זי געבליבען פאר אזא קליינעם מקח אונ אז זי געהט אט שוין אוועק פון מיר, א מינוט לענגער וועט זי נישט בלייבען. איך האב איהר געענפערט אפילו גאנץ געלאסען, אבער שטרענג, אז זי מ ו ז בלייבען ביז דעם קווארטעל. דערויף האט זי אנגעהויבען צו גוואלדעווען אונ צו מאכען קולות אונ לסוף מיר פארגעווארפען, אז דו האסט אויך ביי מיר נישט געקאנט אויסהאלטען אונ האסט געמוזט אוועק, ווי געפעלט דיר אביסל אזא עזות פון אזא פראסטער זאך, דאס איז א ביסל א חוצפה. איך האב פאר גרויס כעס אליין נישט געוואוסט, וואס איך רעד אונ האב איהר אודאי געמוזט זאגען „פארשיווע מויד" אדער איין אנדער גראב ווארט, איך געדענק שוין אליין נישט, אזוי אין כעס בין איך געוועזן.

אין א פאר שעה שפעטער, אז איך האב זי גערופען, אז זי זאל מיר אריינטראגען וואס צו עסען, איז זי נישט אריינגעקומען, איך רוף אונ זי קומט נישט, בין איך אריין אין קיך זעהען, וואו זי איז אהינגעקומען. ערשט זי האט צוזאמענגענומען איהרע זיבען זאכען אונ „ואיננו", זי איז נישטא. אויף דעם טיש האב איך געפונען א קוויטעל, וואס זי האט אנגעשריבען, וואלסט זעהען א שרייבען, וואלסט געדארפט זעהען א ביסל איין אויסלעגען, אסור אויב איין ווארט איז דארטען געווען א ריכטיגער, איך בין קוים דורכגעקראכען. זי שרייבט דארט, אז זי איז מיר מתרה, באם איך וועל עפיס טון נישט ווי עס געהער צו זיין אונ אויב איך וועל איהר נישט אנשרייבען א גוטע רעקאמענדאציע אין איהר ביכל, וועט זי אויף מיר אנגעבען אין סוד דערפאר וואס איך האב איהר גערופען „פארשיווע מויד", זי האט דערויף עדות.

היינט בין איך שוין, ברוך השם, אהן א קעכין אויך. די גאנצע בעל־הבית'טע איבער מיר איז די „סטרוזשקע", זי ווישט מיר אלע טאג ארום די שטויב פון די ספרים, פוצט מיר אב די שטיוועל אינ לאזט זיך פאר יעדער זאך בעצאהלען ווי א לאקאי פון האטעל „בריסטאל" זי ברענגט מיר דאס עסען פון רעסטאראציע, וואס מען קאן אין מויל נישט ארייננעמען, איך האב מיר שוין קאליע געמאכט דעם מאגען אויך, איך בין שוין א האלבער מענש. וואלסט מיר זעהען, וואלסט מיר אודאי נישט דערקענען. פון נעמען איין אנדערע קעכין איז נישטא וואס צו רעדען. דו האסט רעכט, פאר דעם „קווארטעל" וועל איך

---

— ראבין! ליאהאיי נא ספיד! *)

אונ פישל האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטען. ער האט דערזעהען פון דערווייטען ווי א גאנצע חמארע רוקט זיך אן אויף זיי, סע געהט א וועלט מיט אייז. האט ער צוגעמאכט די אויגען, צוגעפאלען מיט'ן פנים צום דנא פון דער שיף אונ געציטערט ווי א לעמעלע, אונ אויסגעשריגען אויף א קול „שמע ישראל"! אפגעזאגט די קורצע ודוי, געטראכט פון „קבר ישראל" אונ פארגעשטעלט זיך, אז אט אט ליגט ער אויפ'ן אפגרונד פון די וואסערען, אט אט לויפט צו א פיש אונ שלינגט איהם איין, ווי דעם נביא יונה בשעת ער איז אנטלאפען קיין תרשיש, אונ ער דערמאנט זיך אן דער תפלה פון דעם נביא יונה אונ ער זינגט שטילערהייט אונ וויינט מיט טרערען: אפפוני מים עד נפש — מיך האבען ארומגערינגעלט די וואסערען ביז דער נשמה, תהום יסובבני — דער אפגרונד טהוט מיך ארומרינגלען!!!...

אזוי זינגט פישל דער מלמד שטילערהייט אונ וויינט, גיסט מיט טרערען, האט רחמנות אויף בת־שבע'ן נעביך איין אלמנה, אונ די קינדער יתומים, אונ פראקאפ ארבייט אויף אלע כלים אונ זינגט בשעת מעשה זיינם א לידל:

אי ווי האלקי! **)

אי ווי טשארנא קרילי! *)

אונ פישעלס „אפפוני" מיט פראקאפס „האלקעס" אונ פישעלס „יסובבני" מיט פראקאפס „טשארנא קרילי" גיסען זיך צונויף אינאיינעם, אונ עס לאזט זיך הערען אויפ'ן בוג א מאדנע געזאנג, א מין דועט, וואס איז נאך דארט קיין מאל אזעלכס ניט געהערט געווארען; עס קאן זיין, זינט דער טייך הייסט „בוג" האט מען נאך אזא מין דועט ניט געהערט...

— וואס האט ער אזוי מורא פאר'ן טוידט אט דער דאזיגער יוד? אזוי טראכט זיך פראקאפ באראניוק, נאכדעם או ער האט אויסגעפעהלט די גרויסע שטיק קריהע, ארויסגעצויגען נאך אמאל דאס פלעשל פונ'ם אבגרונד פון זיין טיפער קעשענע, געטאן א צוויי דריי זיפ אונ פארביסען מיט עטליכע גאנצע שווארצע פעפערלעך — דאכט זיך אזא קליין יודל איין ארעמס, איין אפגעריסענס, וואס איך וואלט פאר איהם ניט אוועקגעגעבען אט דאס שטיקל מולטער, אונ ציטערט אזוי פאר'ן טוידט!

אונ פראקאפ טהוט איהם א טארקע מיט'ן שטיוועל אין זייט אריין אונ פישל טהוט א ציטער. אויף פראקאפען פאלט אן א געלעכטער, נאר פישל הערט ניט, פישל טהוט תפלה, פישל זאגט ודוי, זאגט קדיש נאך זיין אייגענער נשמה אונ טראכט מכח „קבר ישראל"...

---

*) לייג זיך אראפ.

**) אוי, איהר האלקעס!

*) אוי, איהר שווארצע פליגעלדיגע!

נישט בעקומען. נאר פון דעסטוועגען האב איך געזאגט א פאר "רייפער־קעס", אפשר וועלען זיי טפיס פארט וועמען עס איז בעקומען, אזוי בלייבען יום טוב איז מיר לחלוטין נישט מעגליך.

איך האב היינט שוין אנגעשריבען א גאנצע מגילה, נישט וואהר טויבע! נאר דו דארפסט מיר נישט פארדענקען, דאס הארץ איז מיר אזוי פול, אז איך מוז מיר פאר עמיצען אויסרעדען.

ווייסט וואס איך וועל דיר נאך זאגען, איך בין איהר חושד די עזות'ניצע, אז דעם בשמים־ביקס, וואס דער פעטער חיים יונה האט אונז געשענקט דרשה-געשאנק, האט זי אוועקגע'גנב'עט, דאס איז איהר ארבייט, נישט קיין אנדערענס. אז איך וואלט דאס געקאנט דערוויזען, וואלט איך איהר אפילו אין טורמע דערפאר אריינגעזעצט, אזוי האט זי מיר דאס הארץ דערעסען, און אפשר ווייסט זי טאקי נישט פון דעם, אפשר האסט דו עס וואו עס איז בעהאלטען און איך קאן עס נישט געפינען, טא שרייב מיר טאקי, וואו דו האסט עס בעהאלטען.

בלייב געזונד, ליבע טויבע, השם יתברך זאל געבען, אז דיר זאל בעסער געהן ווי מיר געהט.

דיין יוסל.

---

טויבע צו איהר געוועזענעם מאן יוסל חקרן.

קוטנא י"ב ניסן,

ליבער יוסל! לייענענדיג די צרות, וואס דו האסט זיך אויס־געשטאנען פון דער קעכין האט מיר גענומען פארן הארצען. נאר מיין נישט, אז מיך האט זי בעסער בעהאנדעלט, ניט איינמאל האט זי מיר מכבד געווען מיט איהר צעריסענעם פיסק. נאר איך האב אראב גע־שלונגען און זיך פאר קיינעם נישט בעקלאגט, איך האב געליטען אין זיך, איך וועל דאך נישט געהן מאכען קיין סקאנדאלען, און פאר וועמען האב איך געהאט זיך צו בעקלאגען, פאר דיר? ביי איך מאנסבילען געפינט מען דאך קיינמאל נישט קיין רעכט, איהר זאגט דאך אלעמאל, אז די בעל־הבית'טעס ווייסען נישט ווי זיך צו בעגעהן מיט א דיענסט. איך האב פון דיין בריף אוודאי קיין נחת נישט געהאט, נאר איין זאך טוט מיר הנאה, ווייסט חאטש איינמאל איהר מאנסבילען דעם טעם פון האבען צו טון מיט א דיענסט, און גלויבט אונז ווייבער, זעהט, אז מיר זענען נישט אזוי שלעכט, ווי איהר האלט אונז, ווייסט חאטש.

דיר געבען פון דער ווייטענס איין עצה, וואס דו זאלסט טון, קאן איך נישט און איך טאר נישט, ווארום דאס וועט שוין הייסען נישט געהאלטען קיין אבמאך.

און וועגען דעם קוויטעל פון פראלנע און דעם בשמים־ביקס, בין איך זיכער, אז איך וואלט דאס די אותו רגע געפונען. דאס פלעגט דאך אלעמאל אזוי זיין, דו פלעגסט בלייבען אהן א קאפ זוכענדיג און אז איך פלעג צו געהן פלעג איך באלד געפינען. פאר דיינע אויגען פלעגט עס ליגען און דו פלעגסט נישט דערזעהען. איהר מאנסבילען זענט גרויסע בריות אויף געפינען נייע חקירות און פלענער, ווי צו פארבעסערען די גאנצע וועלט, אבער געפינען א פארלוירענעם קנעפל דערצו האט איהר קיין אויגען נישט. מיר ווילט זיך נישט גלויבען, אז די קעכין האט צוגענומען דעם בשמים ביקס. כל כו אין דער וועלט איז זי, אבער נאר נישט קיין גנב, דערויף קאן איך געהן שווערען.

אז מיר האבען שוין איינמאל עובר געוועזען דעם אבמאך, און האבען זיך אנגעהויבען שרייבען, הגם נישט מעהר ווי דעם איינמאל, וואלט איך דיר בעטען א קליינע טובה. איך האב דערנסטמאל פאר מיין אוועק געהן פון דיר פארגעסען צו בעטען דו זאלסט מיר געבען די בריף, וואס דו האסט צו מיר געשריבען חתנ'וייז, ביזט דאך מודה אז דאס געהערט מיר, איך וויל זיי האבען, ווייס איך, א שטיקל אנדענקען פון יענער נארישע אבער גליקליכע צייט, דו וועסט דאס

---

— ווסטאוויי דורניי ראבין, ווזשע פרעיחאלי! *)

אזוי רופט זיך אן פראקאפ בארניוק צו זיין פארשוין צו פישל דעם מלמד, וועקט איהם אויף ווי פונ'ם שלאף; און פישל הויבט אויף דעם קאפ פאוואלינקע, פאמעליך, קוקט זיך ארום מיט די רויטע פארוויינטע אויגען אויף אלע זייטען:

-- חא—שטשע—ווא—מע??? ...

— חאשטשעוואטע!

און פישל קריכט ארויס פונ'ם מולטער און דערזעהט, אז ער איז שוין אין דערהיים, ווייסט ער ניט וואס ער זאל טהון: צי זאל ער לויפען אין שטאדט אריין? צי זאל ער געהן טאנצען? צי זאל ער פריהער דאנקען און לויבען גאט, וואס ער האט איהם מציל געווען פון אזא סכנה? ער חאפט דאס פעקל אונטער דער האנט און לאזט זיך לויפען וואס גיכער א היים, נאר ער בלייבט שטעהן אויף א רגע, דרעהט זיך אויס מיט'ן פנים צום פאראמשטשיק,

— סלוחאי נא, פראקאפע סערדצע, טי פריחאדעט אם ירצה השם זאווטרא נא טשארקו פייסאחאוויקע אי פראזנעקאווא ריבא דא פישל ספעקטער, טשויעש? למען השם! **)

— א יאק ושע? חיבאוש יא טאקיי דורנעיי? ענפערט איהם פראקאפ בארניוק און באלעקט זיך שוין באצייטענס פונ'ם פסח'דיגען בראנפען, וואס ער וועט מארגען פארזוכען און פון די יום־טוב'דיגע פיש, וואס ער וועט פארבייסען: פייסאחאווא הורילקא? זשידיוווסקא ריבא? דאברע, ראבין, דאברע! *)

* * *

פישל דער מלמד, אז ער איז געקומען א היים, האט איהם בת שבע, רויט ווי פייער מיט איין אנגערוקט טיכל, א פרעג געטאן „וואס מאכסט דו"? האט ער איהר געענפערט: „בעדארף בענטשען גומל"... און נישט מעהר, און נישט געוואלט דערצעהלען נאר ניט פון דער שענער נסיעה. ס'איז נישט געווען קיין צייט; ער האט אפילו קיין צייט ניט געהאט פארהערען אפרימ'קען וואו ער האלט אין דער גמרא, און אפגעבען רייזלען די מתנה און בת שבע'ן די זיידענע פאטשיילע. דאס אלכדינג איז אפגעלייגט געווארען אויף שפעטער. פישל האט געוואלט נאך פארחאפען א באד, קוים — קוים פארחאפט! און אז ער איז געקומען פון מרחץ, האט ער אויך ניט דערצעהלט גאר ניט. ער האט דאס אפגעלייגט אויף שפעטער, אויף נאכ'ן סדר.

---

*) שטעה אויף, דו נארישער רבי, שוין געקומען צופארען!

**) הער נאר פראקאפ, הארצעניו, זאלסט קומען אם ירצה השם מארגען אויף א גלעזל פסחיגען בראנפען מיט יום טובדיגע פיש צו פיש. מלמד, למען השם!

*) ווי זשע? בין איך דען אזא נאר? פסחיגער בראנפען? יודישע פיש? גוט, רבי, גוט.

מן הסתם נישט פארגעסען און מיר צו שיקען. פאר דיר האבען זיי דאך קיין ווערט נישט און פאר מיר האבען זיי א גרויסען ווערט.

איך ווינש דיר א כשר'ן און א פרייהליכען פסח.

טויבע.

---

## יוסל חקרן צו זיין געוועזענע ווייב טויבע.

ווארשא כ״ח ניסן.

מיין ליבע גוטע טויבע! דיין ברכה איך זאל האבען א פרייהליכען פסח, דו האסט עס מיר אודאי געוואונשען פון גאנצען הארצען, איז נישט מקוים געווארען, איך האב געהאט א פארשטערטען פסח. אזא פסח ווינש איך נישט מיין ערגסטען שונא.

אליין, איינער אליין, ווי אשטיין אין וואלד בין איך געזעסען צום סדר, דאס איז נישט קיין סדר, דאס איז געווען א תשעה באב, נישט קיין הגדה איז דאס געווען געזאגט נאר קינות. דעם קיטעל האט מיר אפילו בצלאל ליכטשנייצער אוועקגעגעבען אהן א קוויטעל, ער האט שוין נישט געקאנט צו זעהען דעם צער פון מיר. נאר א פנים, א צורה דער גאנצער סדר האט געהאט. בשעת דאס קינד, עליו־השלום, האט געלעבט, האט ער געפרעגט די קשיות, דערנאך האסט דו געפרעגט; עס איז דענסטמאל אויך געווען ביטער אויפ'ן הארצען, נישט איינמאל האבען זיך מיר געשטעלט טרערען אין די אויגען, אבער דענסטמאל איז עס געווען א בשותפות'ער צער, איך האב געהאט ווער עס האט מיט מיר געפיהלט. היינט בין איך אליין, נישט געהאט ווער עס זאל פרעגען די קשיות, איך האב אפילו נישט געקאנט לאזען קיין טרער, דאס הארץ איז מיר ווי פארשטיינערט געווארען. א טעם עס האט, טרינק אליין די ארבע כוסות, זאג אליין די הגדה און עס אליין די קניידלעך. איך האב אפילו געקאנט זיין פסח ביי מיינע בעקאנטע, נישט איינער האט מיר פארבעטען צו זיך אויף יום טוב; נאר האב איך דאס געקאנט טון? זעהען ווי יענער זיצט ביים טיש און ארום דאס ווייב מיט די קינדערלעך און זאגען די הגדה מיט אזא רחבת, מיט אזא ברייטקייט און איך בין דא איין איינגעבעטענער גאסט פאר רחמנות; נישט ווילענדיג חאפט זיך אריין א פונק קנאה, חאטש ווי דו קענסט מיך בין איך נישט קיין גרויסער בעל מקנא. נו, נו א פסח האב איך דאס געהאט, ניין, רבונו של עולם, איידער האבען איבער א יאהר אזא פסח זאל איך עס שוין בעסער נישט דערלעבען.

א גאנצע אכט־טאג יום־טוב בין איך, א חוץ דאווענען אין שטיבל, נישט ארויסגעגאנגען מפתח בית. ווארען באמת, וואס וועל איך זעהען אין גאס, ווי יעדער געהט זיך מיט זיין פאמיליע, ווער שפאציערען, ווער אין געסט, און א וועטער איז געווען, אז עס האט מיר געצויגען אין דרויסען, די זון האט אזוי ליב, אזוי הארציג אריינגעקוקט אין פענסטער, די גאסען זענען געווען שווארץ בעדעקט מיט מענשען און איך בין געזעסען פארשפארט אין שטוב און האב געפיהלט טעם גיהנם. איך האב נישט געוואוסט צו וואס זיך צו נעמען, איך האב אראבגענומען א ספר פון פאליצע, זיך געפרואווט לייענען, עס קריכט נישט אין קאפ. דו געדענקסט דאך, ביי מיר לערנען א ספר, לייענען א בוך איז דאך געווען דאס גאנצע לעבען, מען פלעגט דאך מיך נישט קענען אוועקרייסען און היינט קאן איך מעהר נישט אריינקוקען אין זיי. איך האב נאך אמאל איבערגעלייענט דיין בריף און האב גענומען אויפזוכען די בריף, וואס איך האב דיר געשיקט חתנ'ווייז און האב זיי גענומען נאך אמאל איבערלייענען.

ליבע טויבע! וואס זאל איך דיר זאגען. דער רושם וואס די בריף האבען אויף מיר געמאכט איז קיין ילוד אשה נישט אימשטאנד צו שילדערן. איך האב געוויינט ווי א קליין קינד, דערמאנענדיג וואס פון מיר איז געווארען. אמת אין די בריף געפינען זיך א סך נארישקייטען, קינדעריען, אבער ווי פריש ווי ווארם, ווי פול מיט האפנונגען בין איך דענסטמאל געוועזען, וואס פאר א שטארקער בעל דמיון בין איך דענסטמאל געוועזען, וואס פאר א זיסע חלומות האב איך דענסטמאל געהאט! דו זאגסט, אז פאר מיר האבען די בריף קיין ווערט נישט, האסט א טעות, זיי האבען פאר מיר זעהר א גרויסען ווערט. איך זעה פון זיי ווי גליקליך איך בין דענסטמאל געוועזען, אך ווי ליב האב איך דיך דענסטמאל געהאט! מיר האט זיך אלץ אויסגעדוכט, אז דו ביזט אנדערש געווארען און דעריבער קענען מיר זיך נישט מעהר שטימען. היינט זעה איך, אז איך בין אויך אסך, אסך אנדערש געווארען, אז איך בין נישט מעהר דאס וואס איך בין געווען מיט צעהן יאהר צוריק. איך האב דיר אין הארצען מוחל געווען פאר דיין בענעמען זיך מיט מיר אין די לעצטע פאר יאהר, איך זעה איין, אז אי בין אויך אסך שולדיג, אפשר נאך מעהר פאר דיר.

פון די בריף לייענען בין איך אזוי אויפגערעגט געווען, אז איך האב א גאנצע נאכט נישט צוגעטאן קיין אויג. די גאנצע נאכט בין איך אלץ געלעגען און געטראכט: וואס וואלט אונז געפעהלט, אז מיר וואלטען אייביג געקאנט אזוי לעבען, פאר וואס איז דאס ביי אונז געווארען אזא איבערקערעניש? מיר האט זיך אבגעדאכט, אז יעדערער פון אונז וואלט נישט אזוי בעשטאנען אויף דאס זייניגע, אז יעדערער וואלט אביסל נאכגעגעבען, וואלט גאר דערצו נישט געדארפט קומען.

פריוו דיך, ליבע טויבע, צו קלינגט ביי דיר אין הארצען אויך נישט אב דער אייגענער ניגון. מילא וואס געשעהען איז געשעהען דאס וועט שוין קיינער נישט איבערמאכען. מיר דאכט, אז קיין זאך אין דער וועלט קאן מיר נישט אזוי פארגרינגערען מיין שווער געמיט, ווי דאס וואס דו וועסט אויך מסכים זיין צו מיינע רעד. זייט דו ביזט ארויס פון מיין הויז האב איך נאך קיין גוטע שעה נישט געהאט און כל זמן דו וועסט נישט צוריקקומען וועל איך נישט האבען.

דיין אומגליקליכער פארלארענער יוסל.

---

## טויבע צו איהר געוועזענעם מאן יוסל חקרן.

קוטנא ב׳ אייר.

ליבער יוסל! כל זמן דו האסט מיך אנגעפרעגט אויף דעם קיטעל, אויף דעם קוויטעל און דעם בשמים־ביקס האב איך דיר גערן געענטפערט. אז דו קומסט אבער מיט אזוינע שאלות, האב איך דיר שוין גאר נישט וואס צו ענטפערן. אויב דו מיינסט, פארטראכטער חקרן, אז איך בין דעריבער מרוצה געווארען אויף גט'ן זיך, ווייל מיר האבען זיך נישט געקאנט שטימען, ביזט דו זיך שטארק טועה. ווען מען

האט ליב, מיט דעם קאן מען שוין שטימען. איך האב אבער אן דיין גאנצער הנהגה אין די לעצטע פאר יאהר איינגעזעהען, אז דו האסט מיך מעהר נישט ליב, אז דיך ארט גאר גישט מעהר פאר מיר. האסט זיך אריינגעלאזט אין די ביכער און אין די חקירות, א וועלט פארזארגער געווארען, ער וועט איבער מאכען די וועלט, אויסבעסערען די מענשען, פאר די גאנצע וועלט האט ער גע'דאגה'ט גאר פאר די אייגענע ווייב נישט. וואלסט מיר דענסטמאל חאטש איין האלבען ווארט א ווארעמען געזאגט, וואלט איך אפשר ביי דיר נאך געבליבען; אבער וואו איז דיר דענסטמאל געלעגען אין זינען א ווייב, דו ביזט דאך עפיס יוסל הקרן, דו דארפסט דאך דערגעהן דעם תוך פון דער גאנצער וועלט, וויסען וואס אויף דער לבנה טוט זיך, אבער נאר נישט וואס אין די אייגענע פיער ווינקעלעך טוט זיך. ווען נישט דער פארלארענער קיטעל וואלסט דו דען זיך דערמאנט אן מיר? נון האסט איהם, ברוך השם, געפונען, ברויכסט דו מיך דאך שוין ווידער נישט, קאנסט שוין ווידער אויפהערען צו שרייבען צו מיר. איך האב דיר אודאי נישט מעהר וואס צו שרייבען. לעב גליקליך אויף תמיד ווי עס ווינשט דיר דיין אמאליגע

טויבע.

---

## יוסל הקרן צו זיין פריינד חיים בעל דמיון.

ווארשא ל"ד בעומר.

ליבער חיים! איך האב דיר ווידער צו שרייבען א וויכטיגען נייעס. נעכטען ל"ג בעומר, איז ביי מיר געוועזען חתונה, און טרעף מיט וועמען—טאקי מיט מיין טויבעלען, זי איז צוריקגעקומען צו מיר אין ווארשא. אמת דאס איז מיר נישט אזוי לייכט אנגעקומען, זי האט זיך געלאזט שטארק בעטען. איך האב געמיינט, אז מיט איהר קאן איך נישט לעבען, היינט זעה איך, אז אהן איהר קאן איך ערשט רעכט נישט לעבען. איהר איז נעביך אויך נישט בעסער געגאנגען. זי האט מיר דערצעהלט, אז די גאנצע צייט, וואס זי איז געוועזען אין קוטנא, האט זי געלעבט זעהר אומגליקליך. מיר לעבען איצט ווי די טייבעלעך, מיר האבען זיך איינער דעם אנדערן ליב דאס גאנצע לעבען און ווייסט וואס אונז האט צוריק צוזאמענגעפיהרט? עס איז א געלעכטער צו זאגען, דער קיטעל איז אונזער שדכן געוועזען. חיים לעב, איך בין גליקליך, מעגסט מיר געבען מזל טוב, שאדט נישט.

יוסל.

---

# מצה.

(סקיצע).

נעבען יזארשטאט, אויף א נידריג בענקל, וועלכער איז בעצויגען מיט שווארצען לעדער, זיצט בערל דער שוסטער, מיט'ן ריקען צום פענסטער, און קלאפט ארום מיט הילצערנע צוועקלעך א קינדער'שען שיכל.

די פריהלינג־זון איז שוין שטארק צעהיצט, און מיט איהר הייסען אטעם ווארעמט זי, דורכ'ן פענסטער, בערל'ס ריקען און זיין פארקנייטשטען רויטען, הארינגען האלץ.

ער פיהלט זיך זעהר צופרידען פון די ליבע ווארימקייט, נאך אזא לאנגען קאלטען ווינטער, ווען מען האט צום פענסטער ניט געקאנט צוגעהן נאהענט.

ערשט קאן מען שוין מיט דעם געזיכט קעגען פענסטער ניט זיצען — די פיעל ליכטיגקייט בלענדט די אויגען... דערפאר אבער פון הינטען ווארעמט עס מחיה'דיג...

און דער האמער טאנצט פאר שמחה איבער די קליינע הילצערנע צוועקלעך, און דאס הארץ פרייט זיך פאר גדולה...

— וואס פאר א ליבען גאט מיר האבען! — לויפט דורך בערל'ען אין קאפ.

— וואו איז אייער יחנה־דבשה? — שרייט אויס אין מיט'ן דעם א שכנה אויף א קוויטשענדיג קול, אריינקומענדיג אין שטוב, מיט א ווייס טיכל אויפ'ן קאפ, פארבונדען איבער די אויערן א הינטער אויפ'ן נאקען, אין א ווייס פארטוך מיט ביז אין עלעבויגען פארקאטשעטע ארבעל.

— וואס דארפט איהר יחנה־דבשה'ן? — פרעגט בערל אנשטאט איין ענפער, פארקוקענדיג זיך אויף איהר מאדנע קליידונג.

— איך האב זי געוואלט בעטען, — זאגט ווייטער די שכנה — זי זאל קומען קאטשען א פאר מצות.

— מצות, — האט זיך בערל א חאפ געטאן, ווי ער וואלט זיך דערשראקען פאר עפיס, — מצות, דאס הייסט איהר באקט היינט מצות — יחנה־דבשה איז אין מארק, זי וועט קומען וועל איך איהר זאגען.

— מצות, — האט בערל איבערגעזאגט נאך אמאל, ווען די שכנה איז ארויס, און ער האט זיך פארקוקט קעגען איבער אין ווינקעל אונטער'ן סטעליע, און האט זיך שטארק פארטראכט, אז ער האט ניט בעמערקט, ווי דער שוך מיט דעם האמער איז איהם ארויסגעפאלען פון האנט.

קעגען איבער צו דער וואנט, אונטער'ן סטעליע, איז צוגעשלאגען א ברעט: דא איז דער „מקום־כבוד" פאר דאס געפעס. באלד ביים ברעג שטעהען איינינגע אייזערנע קאך־טעפלעך, ווייטער, א פינף רייהרענדיגער. בלעכענער לייכטער, נאך דעם, אלעדיג ארט, וואס אמאל איז עס געוועזען פארנומען מיט דריי שענע מעשענע פייער־בליצענדיגע לייכטער, דערנאך שטעהט א סאמאוואר.

דאס לעדיגע ארט פון די א מאל געוועזענע לייכטער, פלעגט פיעל מאל ארויסרופען ביי בערל'ען טרויריגע געפיהלען: בעקומען האט ער זיי נאך צו דער חתונה, פון א רייכען פעטער א מתנה, און אלע שבתים און ימים־טובים פלעגט זיך פרייהען דאס הארץ קוקענדיג, ווי די אויסגעפוצטע לייכטער מיט די פרייהליך ברענענדיגע ליכט שטעהען מיט גדלות אויפ'ן טיש, ווי זיי וואלטען געזאגט: „ווער איז צו אונז גלייך!".

און פאר יאהרעדיגער פסח האט איינגעשלונגען אט די דאזיגע לייכטער, און זייער ארט, דארטען אויפ'ן „פאליצע", איז געבליבען פוסט, און ווען בערל פלעגט אומגערן א קוק טון אויף יענעם ארט

פלעגט עס זיך איהם אויסווייזען אזוי טרויעריג, ווי עפּיס א פארבארגענע פינסטערע נשמה וואלט דארטען „שבעה" געזעססען...

ערשט האט ער זיך ווידער דערמאנט אן די לייכטער, וועלכע ליגען ערגעץ אין דער פינסטער און שימלען דארטען ביי זעליג דעם מלוה פון פאר יאהרען אן, און זיין הארץ איז איהם פול געווארען מיט א מין צארן, וואס ער קאן דאס זיך ניט ערקלערען אויף וועמען און פאר וואס...

— דאס איז געוועזען פאר יאהרען, און פאר צוויי יאהרען וואס איז געוועזען?

און בעדל דערמאנט זיך, אז דענסטמאל האט ער „פארזעצט" זיין שבת'דיגען פאלטא, וואס ער האט נאך צו דער חתונה גענייט, און איצט איז ער שוין א ודאי צעפויעלט געווארען דארטען ביי זעליג'ען אין דעם פינסטערען צימער.

געהאפט האט ער דענסטמאל, אז באלד נאך יום־טוב, ווי ער קריגט נאר די ערשטע עטליכע קערבלעך, קויפט ער אויס דעם פאלטא, אט אזוי, ווי ער האט געהאפט דערנאך מיט די לייכטער; און דער סוף איז געוועזען, אז קיין איבריג געלד איז ביי איהם קיינמאל ניט גע־וועזען. דערווייל, דער פּראצענט וואקסט, די הוצאה ווערד גרעסער און ווי עס ווייזט אויס, מעג ער זיך שוין מיט דעם פאלטא געזעגנען, „מאהל" וועט איהם געוויס אויפעסען, די לייכטער אפשר...

— און וואס טוט מען היינטיגעס יאהר? געהט איהם דורך אין קאפּ א פראגע: וואס איז היינטיגעס יאהר אנדערש? היינט איז אויך ניטא אויף מצה, אז מען דארף ארויס נעמען עטליכע רובל מיט אמאל.

פול פערצווייפלונג קוקט ער אויף דעם פוסטען ארט פון די לייכטער און בעמערקט דערביי דעם סאמאוואר.

און א געדאנק לויפט איהם דורך ווי א בליץ, פאר וועלכען ער הייבט אן לייכט צו ציטערען און זיינע אויגען לאזען זיך אראב, ווי ער וואלט מורא האבען א הין צו קוקען...

— קאן דאס זיין? קאן דאס זיין?... דרעהט זיך איהם אין קאפּ.

- פריהער דעם פאלטא, נאכדעם די לייכטער און איצט דעם סאמאוואר?... און דער נאך?...

און זיינע אויגען הייבען אן איהם צו בלאנדזען איבער'ן צימער, ווי ער וואלט וועלען בעמערקען, וואס האט ער נאך אין שטוב, אויף וויפיעל פסח'ן וועט איהם עס נאך האפּען...

בעמערקענדיג א פּאר קישעלעך אויפ'ן בעט, לאזט ער אראב די אויגען אונרוהיג און ווי פארשעמט.

ער דערמאנט זיך נישט ווילענדיג איינינע מינוטען פון זיין לעבען, וועלכע ער וויל פון זיך אוועק טרייבען...

ער הייבט אויף זיין ברייטע פארפעכטע האנט און רייבט דעם שטערען: איהם שטעלט זיך פאר זיינע פּאר יונגעלעך מיט דעם מיידעלע, וועלכע שפּילען זיך איצט אויפ'ן גאס, קענגען דער וואריי־מער זון.

— נעטיג געדארפט — טראכט ער זיך...

— אט יענץ איז שוין גליקליך, שטיל, רוהיג, — טראכט ער ווייטער, דערמאנענדיג זיך דאס קינד, וועלכעס האט זיך געמאטערט גאנץ ווינציג, א קארג האלב יאהר...

א לייכטער זיפץ רייסט זיך איהם ארויס פונ'ם הארצען, עס טוט איהם פונדעסטוועגען לייד, עס וואלט שוין געוועזען א מיידל א יאהר אכט, כמעט א „נוץ" אין שטוב.

— פוי! — גוט ער א דרעה דעם קאפּ מיט די לאנגע, געקריי־זעלטע, פארפלאנטעטע האר: ווייס איך וואס עס קריכט אין קאפּ' אלע נארישקייטען... צום טייוועל זאל עס געהן!

און ער הייבט אויף דעם שוך און נעמט זיך ווידער פאר דער ארבייט. און כדי צו פארטומלען זיינע געדאנקען רייבט ער ארום מיט דער פייל די צוועקלעך פון דעם שוך אזוי פלינק, מיט אזא חשק, ווי א קדחת וואלט איהם געטריבען.

עס העלפט אבער ניט; אין עטליכע מינוט ארום שווימט איהם ווידער ארויף די שאלה: און מצות? און דער סאמאוואר?

און זיינע הענט ל זען זיך איהם אראב, און ער ווארפט ווידער א בליק א הין אין ווינקל צום סאמאוואר צו, און איהם גיט זיך אב, ווי דער סאמאוואר וואלט זיך געבעטען: לאז מיך צו רוה, קוק מיך ניט אן מיט דיינע צווייפלענדיגע בליקען...

— אהן א גלאז טיי די נשמה צו דערפרישען, טראכט זיך איהם פארשטעלענדיג זיך, אז דער סאמאוואר איז שוין ניטא.

— אבער וואס קאן איך טון? און פּסח?

— און אפשר... לויפט איהם דורך א געדאנק, דערמאנענדיג זיך אן „מעות־חטים".

— נאך אזוינע שענע מענשען ווי איך, געמען דאך, וואס בין איך פאר אזא „מר בר רב אשי"?

— וואס בין איך מעהר יחסן פון לייבע דעם מלמד? און חיים מאטע־בער'ס? און מענדל פּעשע חיה'ס? און נאך, און נאך, אויך אזוינע שענע לייט, און פונדעסטוועגען מאכען זיי קיין טענות און מען נעמט...

— און אז איך וואלט פאלגען יחנה־דבשה'ן פאר יאהרען, ניט זיין אזוי האפערדיג, קאן זיין, אז די לייכטער וואלטען נאך דארטען געשטאנען אויף זייער ארט...

ער גיט ווייטער א קוק און בעמערקט דעם סאמאוואר, און זיין הארץ ווערד פול מיט אזא מין טרייהייט צו איהם, ער וואלט ערשט איהם אר'מגענומען פעסט, בעשיצען איהם, אדער בעהאלטען ערגעץ פון בייזע אויגען...

— א שאד, א שאד. — טראכט ער ווייטער: בעסער א שאנד אין פּנים, איידער...

איהם האט אבער ניט געלונגען צו ענדיגען דעם געדאנקען: די ווערטער „א שאנד אין פּנים" האבען אין איהם ארויסגערופען א נייע ערשיינונג.

אז יחנה-דבשה האט מיט איהם פאר יאהרען געמאכט טענות איבער „מעות-חטים" און איבער די לייכטער, האט ער שוין כמעט מסכים געווען צו איהר און איז געגאנגען צום גבאי פון „מעות חטים" צו ר' לייזערן.

אין דערהיים האט איהם בערל דענסטמאל ניט געטראפען—ער איז נאך געווען אין שוהל און איז געזעסען איבער'ן „חק-לישראל".

— ר' לייזר, — דערמאנט זיך בערל יענעם געשפרעך אין שוהל.

און ר' לייזר הייבט אויף איהם אויף זיינע רויטליכע אויגען און קוקט איהם אן לאנג מיט אזא שארפען בליק, פון וואס בערל האט געפיהלט, אז איהם ווערד היים אין אלע זיינע גלידער און דאס געזיכט איבערהויפט ברענט איהם אזש...

ער איז דענסטמאל שוין ניט גערן געווען, וואס ער האט זיך אנגעהויבען; ער האט זיך געוואלט אומקערען, ער האט אבער ניט געקאנט — אזוי האט איהם צוגעצויגען ר' לייזר'ס שארפער בליק.

און אז ער האט קוים ארויסגעשטאמעלט דאס ווארט „מצות", האט איהם ר' לייזר קאלט אבגעענפערט: — אזא געזונטער יוד ווי דו בעטסט אויך „מעות-חטים?.." און ער האט זיך געפיהלט, ווי מען וואלט איהם אבגעגאסען מיט איין איימער קאלט וואסער — אזוי איז איהם מיט אמאל קאלט געווארען...

ער האט קוים דענסטמאל די טיר געטראפען — אזוי איז איהם געווען פינסטער אין די אויגען פאר חרפה.

און קומענדיג אהיים האט ער באלד געחאפט די לייכטער, האט גוט אנגעזודעלט און אנגעשאלטען זיין יחנה-דבשה'ן, פאר וואס זי שטופט איהם אין בלאטע, און האט געשווארען, פון קיין גבאים ווייטער ניט וויסען, בעסער הונגערען, — און די לייכטער זענען אוועק צו זעליג'ען און מצות איז געווען, ווי ביי אלע יודען...

— ניין! — שרייט ער אויפ'ן קול מיט שרעק — צו ר' לייזר'ן? דאס ניט! וואס עס זאל ניט זיין, די האנט וועל איך ניט אויסשטרעקען, א כפרה דער סאמאוואר מיט אלץ וואס אין שטוב, און דעם פנים מיט חרפה ניט בעוואשען...

ער קוקט ווידער אין ווינקעל אויפ'ן סאמאוואר, אבער אזוי בייז קוקט ער איהם ערשט אן, אזוי קאלט, פרעמד, ווי ער וואלט איהם וועלען שוין פטור ווערען — זאל ער איהם אין קאפ ניט מישען.

— טאטע! — לויפט אריין אין שטוב זיין מענדעלע, א פינף יעהריג יונגעלע, אבארוועסער, מיט רויטע פרישע בעקלעך, מיט לוסטיגע אייגעלעך, מיט א שטיקל מצה אין דער האנט: — זעה נאר, טאטע, וואס איך האב? —

וואהל, וואהל, — זאגט בערל, פארקוקענדיג זיך אויף דאס מונטער פנימ'ל פון זיין מענדעלען און האט זיך א ביסל בערוהיגט, און נעמט איהם ארויף צו זיך אויפ'ן שוים.

— וועסטו מיר קויפען נים אויף פסח טאטע? —

— איך וועל קויפען, מענדעלע; אבער וועסטו פרעגען די „קשיות"?

— איך וועל פרעגען, אז דו וועסט מיך אויסלערנען.

— גוט, — ענפערט בערל, — איך וועל דיך אויסלערנען, נאר הער זשע מיט קאפ, וואס איך וועל זאגען זאלסטו נאך מיר איבערזאגען, נו, זאג.

— טאטע, איך וועל ביי דיר פרעגען פיער קשיות.

— טאטע, איך וועל ביי דיר פרעגען פיער קשיות.

— די ערשטע קשיא איז.

— די ערשטע קשיא איז.

— מה נשתנה...

פלוצים רייסט זיך איבער בערל און פארטראכט זיך.

— נו, טאטע, ווייטער.

— שוין, שוין, מיין קינד, — ענפערט בערל און ווערד שטארק ערנסט: — די ערשטע קשיא איז: אויף וואס דארף מען אונז קבצנים אויף דער וועלט?..

מיט א מאל עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין יחנה-דבשה און זי הערט ווי מענדעלע זאגט איבער: די ערשטע קשיא איז: אויף וואס דארף מען אונז קבצנים אויף דער וועלט?.."

זי בלייבט שטעהן פארקלעמט.

— אלע בייזע חלומות — שרייט זי אוים — צו דיין קאפ... ווי געפעלט עס דיר, וואס פאר א תורה ער לעהרנט דעם יונגל?.. אנדערטהאלבען וואכען צו יום-טוב, קיין מצה איז נאך ניטא און איהם קריכט אין קאפ שדים ווייסען וואס...

מענדעלע האט זיך ארא בגעגליטשט פון דעם טאטענ'ס שוים, און בערל איז געווארען אויפגערייצט.

— איז וואס זאל איך דיר טון? — שרייט ער אוים מיט כעס.

— לייט טון דאך, — זאגט זי ארוים, ווי פון די צייהן און לאזט אראב איהרע אויגען.

בערל האט פארשטאנען וואס זי מיינט.

— צו ר' לייזר'ן ווילסטו זאל איך דיר געהן? א קרענק, ניט דערהארען וועסטו.

— און מצה, — זאגט זי ארוים שוין וויינענדיג.

— און מצה, — זאגט ער איבער, — און מצה וועט זיין, קיין חמץ וועל איך אים פסח ניט עסען.

און ער חאפט אוןווארפט פון זיך אראב דעם ליינוואנדענעם פארשמוצטען פארטוך, טוט אן דעם אויבערראק און ברומט עפים אונטער די נאז און אטעמט שווער.

זי קוקט איהם אן פארוואונדערט. זי זעהט ווי ער שטעלט זיך אויפ'ן בענקל און נעמט אראב דעם סאמאוואר.

דאס האט זי ניט דערווארט.

— דעם סאמאוואר, דעם סאמאוואר, — לויפט איהר דורך אין קאפ, און זי וויל עפים זאגען, שרייען און קאן ניט, ווי די צונג וואלט איהר געווען געלייטט...

— דעם סא־מא־ווא־א־ר!! האט זי אויסגעשריגען, פארברעכענדיג די הענט, ווען ער איז שוין געווען אויפ'ן גאס. — — —

זי האט איהם בעוויינט, ווי מען טראגט ארויס א מת, וועלכער האט ערשט נעכטען געלעבט און מען האט מיט איהם צוזאמען גוטע מינוטען פארבראכט...

מ. עהרליך.

---

# די צווייטע קשיא.

שבכל הלילות אנו אוכלין שאר ירקות.
הלילה הזה כלו מרור. (סדר הגדה).

שמואל גרייט זיך פאמעליך צום סדר, ער האלט שוין ביים קיטל, דרעהט איהם הין און הער, בעטראכט איהם — און פערקלערט זיך שטעהענדיג אין מיטען שטוב. אין די שטוב זעהט אוים כלומר'שט יום־טוב'דיג, די פאדלאגע געוואשען, מען זעהט אין גאנצען די ברעטער, פריש געצוואגען, ווי געסט וואס מען האט ניט געזעהען א גאנץ יאהר. זיי זענען ערשט איצט אויף יום־טוב געקומען פון הינטער דער אנגעטראטענער בלאטע, צוזאמען מיט'ן עם בלאסען, דארען בחור'ל, שמואל'ס בן־יחיד, וואס איז היינט געקומען אויף יום־טוב פון דער ישיבה. די פענסטער בלאנקען און אלע פיער קליינע פייערלעך פון די דינע ליכטעלעך אין די מעשענע לייכטערס שפיגלען זיך אב אין די בלאנקע שויבען. דער טיש איז געדעקט מיט א ווייסען טיש־טוך אויף א דיקע ראגאזשע.

שמואל איז גרייט צום סדר, ער שטעהט שוין אינ'ם ווייסען קיטל מיט א ווייסען נארטעל ארומגעבונדען, זיין פנים איז גלייך ווי דער קיטל, אויסגעדארט, פינסטער, אזוי ווי פון גיפס אויסגעגאסען, אהן בעוועגונג. ער בעטראכט דעם טיש, דאס פלעשעלע „צמוקים", די מצה אונטער דאס קליינע טישטוכל און זיינע שווארצע, איינגעפאלענע אויגען בעוועגען זיך אונרוהיג.

— שמואל! — רופט איהם איטקה, זיין קליינע, מאגערע ווייבל — וואס שטעהסט דו, שמואל? עס איז שוין ניט פריה.

שמואל ריהרט זיך פאמעליך צום טיש.

— קינדער, צום טיש! — רופט אוים איטקה.

צוויי דערוואכסענע מיידלעך מיט א הויכען, דארען בחור'ל קומען אריין פון א צווייט צימער, זעצען זיך צום טיש, די טעכטער נעבען דער מאמע און דער בן־יחיד אויבענאן, נעבען סאמע טאטע. אלע זיצען שטיל, רוהיג און טרויעריג.

דער בלאסער ישיבה־בחור'ל וואס איז געוואהנט צו טומעל לארעם, גערויש און פלוידעריי ווי אין א קאזארמע, קוקט אן עפיס ווי פארוואונדערט, קיינער רעדט ניט א ווארט, אזוי ווי דאס לשון וואלט אלעמען אפגענומען, דער טאטע זיצט מיט אראבגעלאזענעם קאפ ווי א מת אין קיטל, די מאמע זעהט אן דעם טאטען און שא־קעלט טרויעריג מיט'ן קאפ, די שוועסטער זוכען אין די סדורים... און קענען באין אופן דעם „מה נשתנה" ניט געפינען.

— זאג: „קדיש"! — הערט ער פלוצים דעם טאטענס קול, א פארשטיקטער, פארחלש'טער קול, און עס גיט איהם א ריס דאס הארץ: דאכט זיך, מען הייסט איהם זאגען „קדיש"...

— וואס? — פרעגט ער דערשראקען.

— היים מאכען „קדוש"! — זאגט די מאמע מיט א קליינינקע שמייכעלע, דו פיהרסט דאך היינט די קאמאנדע.

ביידע מיידלעך האבען אויסגעבראכען מיט א קורצען, העלען געלעכטער.

— א! בערעלע, דו ביזט היינט א נאטשאלניק!

— וואס איז מיט אייך אזוי די שמחה? בהמות! — שרייט שמואל אויף זיי, גיט אויף זיי א קוק שטרענג און הייבט זיך אויף צום „קדוש".

דער „קדוש" ווירקט אויף שמואל'ן נאך טרויעריגער, שווערער, עפיס דער נגון, די אומוטיגע דרעהעכצען אין דעם נגון: ניט פרייהליך! אמת טאקי ער זינגט „מועדים לשמחה", ער פראבירט זיך גארגלען אויף „לששון", און עס קומט ארויס גאר ווי קרעכצען, כמעט ווי וויינען...

דער „שהחינו" איז גאר מיאוס ארויסגעקומען, שמואל'ן האט זיך, ווייזט אויס, עפיס אין האלז אבגעשטעלט, ער האט א חאפ געטאן און א סוף מיט דער ברכה, וואס מען האט דערלעבט די צייטען...

דער סדר האט זיך אנגעהויבען. וואס ווייטער געהט ערגער וואס ווייטער אומוטיגער.

— יחץ! קאמאנדעוועט בערעלע, און הייסט צעטיילען א מצה אויף דער העלפט, א האלבע, די קלענערע, זאל בלייבען ליגען, און די אנדערע האלבע, די גרעסערע, זאל מען בעהאלטען צום „אפיקומן".

שמואל'ס האנד ציטערט נעהמענדיג די מצה, ווי ער וואלט זיך אנגעריהרען צו א וואונד, א שמערצליכע וואונד, און אז ער האט די מצה א בראך געטאן, האט זיך איהם, דאכט זיך, עפיס אינ'ם הארצען צעבראכען, ער בלייבט מיט איינמאל פארשטיינערט, פארקלעמט.

— מגיד! — וועקט איהם בערעלע אויף — זאגט מען די הגדה.

אלע הייבען אן מיט איינמאל: הא לחמא עניא! — שמואל'ס קול איז יאמערדיג, ער דריידעלט יעדעם ווארט, און עס דאכט זיך, אז מיט יעדעם אויסגעזונגענעם ווארט שלעפט זיך מיט א שטיק הארץ, א בינטעלע צרות, שווערע זארגען... דער ישיבה־בחור'ל חאפט אונטער מיט א גמרא־נגון. ניט ווייניגער אומוטיג, ניט ווייניגער דורכגעטרונקען מיט טרערען... איטקה האט דעם קאפ אראבגעלאזען און זאגט זעהר שטיל, ווי א סוד, פון סדור; די ביידע מיידלעך זאגען אויך, זייערע בלייכע יונגע פנימ'ער האבען זיך א ביסל פארדייטעלט.

א שווערער שטיין, זעהר א שווערער שטיין, ליגט דער קליינער פאמיליע אויף דעם הארצען, אינ'ם הארצען, זייער יום־טוב איז א טרויעריגער.

* * *

נאך גאר ניט לאנג איז שמואל געוועזן פון די בעלי-בתים חשובים אין שטעדטל, א בעל-פרנסה; קיין נגיד ניט, אבער ניט ערגער פון לייטען: איין אייגען הייזעל מיט א פרנסה. אמת טאקי די שטי-קעלע פרנסה איז געוועזן א שווערע, א פינסטערע שטיקל פרנסה, שטענדיג האבען צו טון מיט דעם שכור, הערען זיינע דבורים, דאס ווייב און קינדער זאלען הערען זיינע שכור'ע דבורים, חאפען אפט-מאל א קלאפ, זיצען אפט ווינטער-צייט מיט אויסגעבראכענע פענס-טער. אבער דאך א שטיקעלע ברויט, וואס טוט מען ניט פאר דאס שטיקעלע ברויט? אזוי האט זיך דער טאטע אבגעלעבט זיין לעבען, טאקי אין דעם הייזל, און האט זיך זיין וועלטל אויסגעפיהרט, גע-לעבט ביז ער איז געשטארבען, געלעבט ווי א בעל-הבית און גע-שטארבען ווי א בעל-הבית... חלילה קיינעמס ניט געדארפט... קיין אנדער עסק האט ער אויך ניט געהאט: א פלעשל מיט א גלעזעל!

אזוי האט שמואל אויך געמיינט צו לעבען. אזוי האט שמואל אויך א צייט יאהרען געלעבט, זיך געמאטערט; עס איז דאך, ברוך השם, איין איינגעפיהרטע פרנסה, פון צעהנדליגע יאהרען.

מיט איינמאל האט מען איהם זיין פלעשל צעבראכען, מיט איינמאל האט מען איהם זיין גלעזל צעשטויסען, מיט איינמאל האט מען איהם זיין פרנסה צוגענומען: אויס שענקעל, אויס שטי-קעלע ברויט.

א נייע גזרה אויף שענקען.

אין שמואל'ס הייזל איז מיט איינמאל שטיל געווארען, קיין געשריי, קיין געזאנג, קיינער האקט מעהר די פענסטער ניט אויס, קיינער עפענט ניט מעהר א טיר, גיטא צו וואס: אויס פלעשל, אויס גלעזל!

שמואל איז ניט מעהר קיין שענקער.

ער דרעהט זיך ארום אין שטעדטל, ניטא צו וואס זיך צו נעמען. ניט ער האט צו וואס און ניט מיט וואס, קיין אייגענעם רובל האט ער קיינמאל ניט געהאט, פון שענק האט מען נאר קוים דאס שטיקל ב-ויט געהאט, ניט ערגער פון לייטען.

פון אלע האפנונגען איז א ווינט געווארען.

אויס בעל-הבית, אויס בעל פרנסה...

דערוייל דארף מען לעבען.

מיט עסען איז נאך א קלענערע דאגה, עסען איז ווי מע וויל און ווי מען קאן, ווענינגער, מעדר, דארף מיר קיינער קיין דעה ניט זאגען, יעדער איז א בעל-דעה איבער זיין מאגען; אבער א זייטיגע הוצאה, א שוך, א קלייד, א נדבה פאר א מגיד, אויף א ישיבה, א וועגל האלץ, דאס מוז מען האבען.

וואו נעמט מען?

א צייט האט ער געדריקט אין זיך, בעהאלטען דעם "דלות", מע זאל חלילה וחס זיך אין שטעדטל ניט דערוויסען, אז ער איז א "יורד". פאר דיעזען נאמען שרעקט ער זיך ווי פאר'ן טויט, דאס איז א שווארצער שטעמפעל פאר א געפאלענעם בעל-הבית, שווער איז צו טראגען דעם דאזיגען שטעמפעל, ער בייגט צו דער ערד, לאזט ניט מעהר א קאפ אויפהייבען.

שמואל הייבט אן שטילינקערהייט צו פארקויפען שטוב-זאכען, אמאל דאס אמאל יענץ, אט אמאל ברויכט ער דאס ניט און אמאל דארף ער יענץ ניט, צי וואס? אז מען קאן זיך באגעהן טא למאי דארף מען עס האבען: פארקויפט!

אבער עס ווערד איהם וואס אמאל ענגער, וו.אס אמאל שמעלער, געדריקטער, ניטא מעהר וואס צו פארקויפען און מען הייבט אן ביסלעך צו הונגערען. אבער דעם נאמען "בעל-הבית" בעהאלט ער נאך מיט אלע כחות, אפשר וועט נאך גאט העלפען, אפשר איז עס נאר א "גזרת שעה", אויף א קורצע צייט. מען קאן דען וויסען? עס איז דאך אלץ א גאט-זאך!

און אין מיטען האט אונטערגעריקט דער דאזיגער גרויסער שטראף פאר יודישע ארימע לייט וואס נעמט זיי ארויס דאס לעצטע ביסעלע מארך פון די ביינער — דער פסח!

שמואל ווארפט זיך הין, ווארפט זיך הער, צאפעלט זיך ווי א פיש, שלאפט קיין נאכט ניט, עס עגבערט איהם דער מח: וואו נעמט מען אויף מצה? עס איז דאך ניט ווי איין אנדערער יום-טוב. אז מען וויל עסט מען ־ שטיין, א ביין, אבי קיינער ווייסט ניט, פסח מוז מען אבער דווקא מצה האבען, אי וואו נעמט מען?

איין אבענד שפעט, אינ'ם קליינעם הייזל איז טרויריג-שטיל. שמואל מיט איטקה'ן זענען געזעסען אין א ווינקעלע און האבען ביידע געזוכט פלענער אריינצוברענגען דעם "פסח", האט זיך די טיר גע-עפענט און צוויי "בעלי-הבתים", נאר די נכבדים, האבען אריינגעטראגען א גרויסען קארב.

— וואו שטעלט מען? פרעגט איין בעל הבית.

— וואס איז דאס? — חאפט זיך שמואל צעטומעלט.

— מצה... — ענטפערט דער בעל-הבית שטיל.

— שטייטס?!

אבער די פאר בעלי-הבתים זענען זיך גיך אוועק, אזוי שטיל ווי זיי זענען געקומען.

— אט — האט שמואל מיט די הענט אויפגעפאטשט — אט בין איך שוין דער אמת'דיגער יורד, אויס בעל הבית... אויס... אויס... גאר נישט, אזוי ווי געשטארבען, נאך ערגער ווי געשטארבען... פרעמדע... נדבות... אט, האב איך דערלעבט...

טרערען האבען איהם דעם האלז צוגעשטיקט.

אויף מארגען איז שמואל אין בית-המדרש ניט געגאנגען, ער האט מורא געהאט ארויסגעהן אין גאס, אלע ווייסען שוין וואס מיט איהם איז, וואו ער האלט, זיין מפלה...

* * *

איצט זיצען אלע טרויריג צום סדר, אט דארף מען, אט מוז מען עסען די געגעבענע מצה, דאס ביטערע שטיקל מצה... מיט א יאהר צוריק האט שמואל געגעבען און היינט האט ער גענומען...

— הא לחמא עניא! — שרייט שמואל אוים טרויריג.

— אט דאס איז דאס ארימע ברויט! — זיפצט איטקה שטיל לייענענדיג דעם טייטש.

ביידע בלייבען שטיל, ביידען האט דאס הארץ פארקלעמט. שטארק פארקלעמט.

אז בערעלע האט געענדיגט פרעגען די קשיות, איז נאך שמואל געבליבען זיצען שטיל, די צווייטע קשיא האט זיך איהם ווי א נאגעל טיעף אינ'ם הארצען אריינגעזעצט: שבכל הלילות, אלע נאכט פון א גאנץ יאהר, אנו אוכלין, עסען מיר, קומען מיר אב, שאר ירקות, אלערליי קרייטיכער, א ציבעלע, א קארטאפעל, אביסל ליאק פון הערינג, א שטיין, א ביין, און קיינער דארף ברוך השם ניט וויסען ווי איינער לעבט, אבי נאר בכבוד, הלילה הזה, די דאזיגע נאכט פון פסח, כלו מרור, כלו מצה, מוז דעם ארימאן זיין פארביטערט צוליב דאס שטיקל מצה, דוקא מצה, אזוי ווי להכעים, כדי דער ארימאן זאל מיזען אראב ביינגען דעם קאפ, א געפאלענער בעל הבית זאל מיזען אנקומען צו לייטען...

און אז בערעלע האט אויסגערופען: כורך! נעמט מען א כזית פון דער דריטער מצה מיט חריין, מען לייגט עס אויף צוזאמען און מען עסט און מען זאגט: זכר למקדש כהלל... האט שמואל מיט געוואלד א נעם געטאן א שטיקל מצה אליין, אהן חריין, און ווי ער האט אריינגעלעגט אין מויל דאס שטיקל מצה, האבען זיך טרערען געגאסען פון די אויגען און וויינענדיג האט ער געזאגט „מצה ומרור“, חאטש ער האט גאר קיין מרור אין מויל ניט געהאט, אבער די מצה אליין איז איהם ביטער ווי גאל, ווי סם... נדבה־מצה, פון מעות חטים...

אוים בעל הבית, א סוף מיט א שטאדט־בעל־הבית געוועזען א צייט יאהרען גלייך מיט לייטען און אוים... אבגעשטארבען...

אי, אי! צו וואס מוז מען עפים דוקא מצה עסען, עס איז איין אכילה פאר א בעל־הבית, אבער ניט פאר א געפאלענעם...

די צווייטע קשיא פון מה נשתנה איז א הארבע קשיא!...

עזרא גאלדין.

---

# דער דאקטאר פילאזאף.

א פאר־פסח'דיגע ערצעהלונג אוים די לעצטע יאהרען.

פון מ. ספעקטאר.

---

I.

ווען ער איז געווארען דאקטאר פילאזאף האט ער מיט דער פילאזאפיע ניט געוואוסט וואס צו טון און טון מוז מען, ווייל עס איז שוין צייט מפרנס צו זיין די פאמיליע, וועלכע ווערד פון יאהר צו יאהר גרעסער. די פאמיליע האט זיך שוין גענוג געפלאגט, גענוג געווארט אויף דעם דיפלאם.

און דער דאקטאר פילאזאף האט זיך אווארף געטאן אויף דער יודישער ליטעראטור, פריהער האט ער אנגעהויבען שרייבען אין א יודישע צייטונג, נאר מיט יעדען קינד, וואס עס איז צוגעקומען אין זיין פאמיליע האט ער אנגעהויבען ארבייטען אין א נייע צייטונג.

איצטער שרייבט ער שוין אין צוועלף יודישע צייטונגען אויף זעכס פארשידענע שפראכען, חאטש זיין פאמיליע בעשטעהט איצטער נאר פון אכט קינדער, א פרוי און איין אלטע שוויגער. די קינדער ווערען עלטער און דארפען מעהר האבען.

זיין וואהנונג בעשטעהט פון איין עס־צימער, א ספאלניע און איין ארבייטס־צימער, וואס איז אבגעטיילט מיט א דין ווענטל.

אויף זיין שרייב־טיש, וואס פארנעמט דריי פיערטעל פון זיין קליין צימערל, איז שטענדיג אנגעווארפען פאפיערען אויף פאפיערען, גאזעטען אויף גאזעטען, ביכער אויף ביכער, אדער אלעס אויסגעמישט צוזאמען. דערצו איז דער טיש און אלעס, וואס ליגט אויף דעם טיש פארווארפען מיט שטיקלעך אבגעריסענע פאפיראסען, אהן וועלכע ער קאן קיין פעדער ניט שטעלען, קיין אות ניט אנשרייבען.

יעדעס מאל ווען ער געהט אוועק פון דער היים, זאגט ער אן:

— האט רחמנות אויף מיר און רוימט מיר ניט מיין טיש, זאל אלעס ליגען ווי עס ליגט, איך זאל קאנען דערנאך געפינען וואס איך דארף.

— דו קאנסט סיי ווי סיי גאר נישט געפינען אין אזא איבער־קערעניש מיט דיינע שטיקלעך אבגעריסענע פאפיראסען... ענטפערט איהם דאס ווייב.

און אז דער דאקטאר פילאזאף קומט דערנאך צוריק אהיים און דערזעהט וואס מען האט איהם „אנגעמאכט“ אויף דעם טיש, ווי עס איז אויפגערוימט, ווי אלעס אויף דעם טיש ליגט אין ארדנונג, חאפט ער זיך ביים קאפ און שרייט אויף דעם ווייב.

— קוילערין, וואס קוילעסט דו מיך, ווער בעט דיך זיך צו־ריהרען צו מיין טיש?!

— א ודאי, ד״ר קומט נאך ארוים, דו דארפסט נאך שרייען, אז מען ריינגט דיך ארום אביסל פון דיינע פאפיראסען... פון דיינע „פאמפיערען“ איז ניט אויסצוהאלטען...

— דו לאכסט פון מיינע „פאמפיערען“.— שרייט ער מיט כעס — מיר לעבען פון זיי, זיי זענען אונזער פרנסה.

— איך לאך גאר ניט, נאר דעם טיש מעג מען האלטען אביסל ריינער, עס איז ניט קיין אומגליק, אז מען רוימט אביסל אויף, מיר וואהנען אזוי ענג, מוז מען האלטען ריין.

און אזוי יעדען טאג. צעהן יאהר שרייבט ער שוין פאר די צייטונגען און קיין טאג ניט פארפעהלט, ער זאל מיט דעם ווייב זיך ניט איבעראמפערען איבער „זיין טיש“, איבער די „פאמפיערען“.

ער האט יעדען טאג געשריגען און זי האט יעדען טאג גע־טרעסעלט און גערייניגט.

---

II.

אין דער קליינער וואהנונג האט זיך שטענדיג געהערט קולות. די קינדערלעך, איינס גרעסער פון דעם אנדערען, האבען ניט געקאנט איינרוהען און זיך געלאזט הערען. צוזאמען מיט די קינדערשע קול׳עכלעך האט זיך אויך אפט געהערט דאס הויכע קול פון דער מוטער, וועלכע פלעגט אויף זיי אנשרייען, ווייסענדיג זעהר גוט, אז זי שרייט אומזיסט, ווארום ווער קאן עס איינהאלטען, קיין עין הרע, אזוי פיעל קינדערלעך זאלען געזונד זיין, א קינד דארף שרייען, א קינד מוז לויפען און שפרינגען און א מאמע דארף אנשרייען.

דערצו איז שטענדיג געוועזען אין עסק מיט דער קאץ; אויסער די קינדערס שרייען האט די קאץ אויך שטענדיג געמיאוקעט, ווייל די קינדערלעך פלעגען זי מוטשען, שלעפען זי איינס צום אנדערען און דאס געפילדער איז נאך גרעסער געווארען. וויפיעל מאל האט שוין די מאמע, די באבע און דער דאקטאר אליין ארויסגעווארפען די קאץ, נאר עס געהט ניט אוועק קיין טאג, א קינד זאל שוין ווידער ניט טראגען די קאץ און האלזען און קישען זיך מיט איהר און די קולות פון שמחה אדער א געוויין פון א „גראבעל", וואס די קאץ האט געגעבען, ווערד גרעסער. די אלטע באבע, דעם דאקטארס שוויגער, פלעגט אויך אפט פון יוצא וועגען אנשרייען אויף די קינדערלעך.

ווער שמועסט נאך אין דער צייט, ווען די מאמע האט גע־שלאגען א קינד, אדער עס איז געפאלען און האט זיך אליין צעשלאגען האט מען די קולות געהערט אין דער צעהנטער גאס.

א מינוט איז ניט געוועזען שטיל אין דעם דאקטארס וואהנונג.

* * *

גאר איין אנדער פנים האט די וואהנונג בעקומען, ווען דער דאקטאר האט זיך „גע זעצט שרייבען"... ניט די וואהנונג, ניט די קינדער, ניט דאס ווייב און אפילו די שוויגער וועט איהר ניישט דערקענען; אלעס האט אין איין מינוט, ווען דער דאקטאר האט זיך „גע זעצט", זיך איבערגעביטען ווי דורך א „צויבער שטאק"...

די קינדערלעך זענען אלע געזעסען שטיל, די מאמע איז פון זיי ניט אוועקגעגאנגען.

— שא, שטילער קינדערלעך... דער טאטע שרייבט... שטילער ער שרר... רייבט...

די עלטערע קינדער, וועלכע פארשטעהען, וואס די מאמע בעט פון זיי, פאלגען די מאמע און זיצען שטיל און די קליינע שטיפט די מאמע אין זייערע פיסקלעך א שטיקל צוקער אדער א לעקעכל שעפטשענדיג דערביי אין דער שטיל.

— נאט... נאר שטילער... דער טאטע שרר... רייבט...

און סמאטשקענדיג דאס לעקעכל אדער זויגענדיג דאס שטיקל צוקער, קוקען זיך איבער עטליכע פאר קינדערשע גרויסע אויגען ערענסט און שטיל ווי ביי אלטע מענשען און שעפטשען אויף צווישען זיך אויף קינדער לשון:

— טיא־טיא... שייב...

די באבע פלעגט אין דער צייט „ווען ער פלעגט זיך זעצען", זיך פארריקען ערגעץ אין א ווינקעל ווי פארגליווערט, ווי פארשטיינערט, ווי א מומיע און מורא געהאט מאכען אפאר טריט איבער דער שטוב׳ זי זאל ניט „שקראבען" מיט איהרע שוך...

אפילו די קאץ פלעגט זיך דענסטמאל בעהאלטען אונטער דעם בעט און זיך לאנג ניט ארויסווייזען.

ווען די קינדערלעך פלעגען זיך פארקאפריזען און די מאמע האט שוין ניט געקאנט העלפען מיט איהר בעטען און מיט די שטיקלעך צוקער און לעקעכלעך, דענסטמאל פלעגט ער אליין ארויסגעהן צו זיי...

ער פלעגט אויף זיי ניט שרייען, ער פלעגט נאר א קוק טון אויף זיי...

זיינע אויגען, וואס האבען ארויסגעקוקט פון זיין בלאס, פאר־יסורים׳דיג, פאר־דאגה׳ט פנים, פלעגען זיך אליין אהן ווערטער בעטען ביי די קינדער מיט רחמים, ווי א פארשולדיגטער פאר די שופטים, ווען ער זאגט זיך אב פון זיין „לעצט ווארט", נאר די ליידענדיגע אויגען בעטען זיך אליין ביי די שופטים חסד און רחמים.

און אפילו די קליינע קינדער האבען מיט זייערע הערצעלעך דערפיהלט, וואס דעם טאטענס ליידענדיגע אויגען בעטען פון זיי און פלעגען ווי די טייבעלעך שטיל בלייבען.

און אמאל פלעגט ער מיט א שוואך קרענקליך קול זיי זאגען:

— קינדער... לאזט מיך... האט רחמנות...

און עס פלעגט שטיל ווערען...

אפטמאל פלעגט ער אויך אריינלויפען צו די קינדער מיט אזוינע שרעקליכע אויגען, אז זיי פלעגען זיך דערשרעקען פאר דעם טאטענס אויגען און באלד פארגליווערט ווערען פאר גרויס פחד.

און אמאל ווען ער איז ארויסגעגאנגען צו די קינדער מיט אזוינע אויגען פלעגט זיך ביי איהם ארויסחאפען געציילטע ווערטער, ווענדענדיג זיך צום ווייב.

— מיר ווען... מיר וועלען... איינציגווייז אויסשטארבען.. לאזט מיך ארבייטען...

די קינדער פלעגען זיך נאך מעהר דערשרעקען און לאנג, לאנג פלעגען זיי זיצען שטיל, זיך ניט ריהרען מיט קיין אבר, נאר די פארגליווערטע פארשטיינערטע באבע אין פארריקטען ווינקעל פלעגט זיך אנהויבען טרייסלען ווי א בלאט אין א גרויסען שטורם ווינט...

נאר די קאץ פלעגט זיך בעת מעשה ניט דערשרעקען און פלעגט זיך איינהארבען און שטעהן אנגעגרטעלט יעדען צו געבען א גראבעל...

ווען דער דאקטאר פלעגט אויפשטעהן פון זיין בענקל, פאר־מאכען אין קאנווערטען זיין שרייבען און עס אוועקשיקען אין די רעדאקציעס, פלעגט זיך ווידער די גאנצע שטוב ווי דורך א „צויבער שטאק" אין איין מינוט זיך איבעראנדערשען.

. די קינדער האבען אנגעהויבען שפרינגען אונ טאנצען, די באבע פלעגט זיך ארויסריקען פון איהר ווינקעל אונ אנגעהויבען שקראבען מיט די שוך, די קאץ פלעגט פון אונטער'ן בעט אריינשפרינגען צווישען די קינדער, די מאמע פלעגט אנהויבען אויף זיי צו שרייען, די קינדער פלעגען דערנאך אריינלויפען צום טאטען אין צימער, ארויפקריכען איהם אויף די הענט, אויף דעם האלז אונ אויף זיין שרייב-טיש...

אלעס וואס איז פריהער געווען פארגליווערט, טויט, האט איצט אויפגעלעבט; אפילו די באבע האט עפיס איצט אנגעהויבען מאכען מיט די ליפען.

אונ דער דאקטאר אליין האט זיך איצטער איבערגעטראגען מיט די קינדער אויף דער „סאפקע" אונ פיהלט זיך ווי נאך א שווערע אפעראציע אונ זעהט זיך איצטער ווידער מיט זיין ווייב אונ קינדער...

---

III.

פאר פסח... די פענסטער פון דעם דאקטארס וואהנונג זענען שוין אפען, דער ווייטער רעש פון גאס שטערט אביסל דעם דאקטאר צום שרייבען, נאר דערפאר שטערען איהם ווייניגער די קינדערלעך, זיי לויפען שוין צו ביסלעך אין דרויסען אונ שפילען זיך אונ ווארעמען זיך אויף דער מחיה'דיגער פריהלינג-זון אונ דער דאקטאר שרייבט אונ שרייבט אונ רויכערט א פאפיראס נאך א פאפיראס.

. זיין ווייב שטעהענדיג פאר איהם אין א פארטוך מיט א טיכל אויף דעם קאפ אונ מיט די עקען פארוווארפען הינטער די אויערען. אין די הענט איז זי אנגעלאדען מיט א בארשט, אין וועלכע עס שטעקט א לאנגער שטעקען.

— מען דארף אנהויבען ביי דיר אין צימער אויפרוימען, דו וועסט זיך איבערטראגען מיט דיין שרייבען אין עס-צימער.

— ווייטער אויפרוימען, א גאנץ יאהר רוימסט דו נאר, עס איז דא ריין.

— ביי מיינע שונאים זאל אזוי אויסגעהן ריין די נשמה, ווי ביי דיר איז ריין, דו ווייסט גאר נישט, אז עס איז פאר פסח? אונ אזוי רעדענדיג מעהר ניט פרעגענדיג ביי איהם, הויבט זי אן מיט דער בארשט אבקערען די סטעליע.

— פארנעם דיינע פאפיערען, ווארום אז ניט ווארף איך זיי נאר ארויס, זיי קריכען מי־ שוין אין האלדז אט דאס שטענדיגע מיסט. רבונו של עולם! ווען ווער איך שוין בעפרייט פון דעם.

דער דאקטאר וויל פראטעסטירען, נאר ער פיהלט, אז זיין פרוי איז איצט שטארקער פון איהם אונ ווי פון א שרפה חאפט ער די נייטיגע פאפיערען מיט טינט אונ פעדער אונ לויפט אין עס-שטוב אונ זעצט זיך שרייבען ביים עס-טיש.

אין א שעה שפעטער קומט די שוויגער פארבונדען דעם קאפ מיט א פאטשיילע אונ מיט א בעזים פון ריטלעך.

— משה, דו וועסט מוחל זיין איבערגעהן אין ספאלנע שרייבען מען דארף דא אויפרוימען.

— ווידער רוימען, הייבט ער אן צו שרייען, איך דארף שרייבען די ארטיקלען, איך בין אייך מוחל אייער אויפרוימען, איך דארף ניט...

דאס ווייב האט דערהערט זיין קול אונ איז אריינגעקומען פארפאראשעט, פארשטויבט דאס גאנצע פנים אונ אנגעהויבען אויף איהם שרייען.

— וואס מיינסט דו, עס איז דיר א גאנץ יאהר, וואס דו וועסט יעדען משוגע מאכען מיט דיין שרייבעכטס, מיט דיינע פאפיערען, לאז די מאמען אויפרוימען.

דער דאקטאר האט געחאפט די פאפיערען מיט דעם טינטערל אונ איז אוועק אין ספאלנע אונ זיך געזעצט נעבען קליינעם טישל, וואס שטעהט צווישעןביידע בעטען אונ געשריבען.

פון עס-צימער הערט זיך קולות שבקולות, אפילו די שוויגער האט בעקומען א קול, די קינדער שרייען אונ לויפען פון דרויסען אין שטוב אונ פון שטוב אין דרויסען אונ דער דאקטאר שרייבט אונ שרייבט.

אויף מארגען האט מען איהם ארויסגעטריבען פון דער ספאלניע, אין אלע דריי צימער איז אלעס איבערגעקערט. דאס ווייב, די שוויגער אונ די דיענסט פון קיך האבען אלעס איבערגעקערט מיט דעם קאפ אראב אונ מיט די פיס ארויף. די טישען, די בענקלעך, זיין שרייב-טיש געפינט זיך אין קיך, די שופלעדלעך אין פארהויז, די באקדייזשע מיט דעם לאקשען-ברעט אין זיין ארבייט-צימער, די קיך-טעפ אין עס-צימער, אין ספאלניע די מולטער, די לאפעטע, די קאטערע אונ גלאט אזוי אבגעברענטע שטעקענס.

— אבער איך מוז שרייבען, בעט זיך דער דאקטאר מיט גוטען אונ מיט בייזען.. איך מוז ענדיגען די ארטיקלען.

— ביי מיר איז פאר פסח, טו וואס דו ווילסט אונ לאז מיך צורוה, ענפערט איהם דאס ווייב שטרענג, פארנעם דיר בעסער דיינע פאפיערען, וואס איך האב דא אנגעווארפען אין א ווינקעל, ווארום מען וועט זיי דיר אלע ארויסווארפען, ביי קיין יודען איז ניט דא אזוי פיעל מיסט ווי ביי מיר, נאר מיך האט גאט געשטראפט, אז אפילו פסח קאן ביי מיר ניט ריין זיין ווי ביי לייטען.

— דארטען ליגען מיינע ארטיקלען... איך האב אנגעהויבען א גאנץ ווערק, האסט עס אפשר שוין ארויסגעווארפען?

— איך האב גאר ניט ארויסגעווארפען, נאר פארנעם דעם גאנצען בארג, איך זאל עס אין מיינע אויגען ניט זעהען.

דער דאקטאר פארנעמט די פאפיערען אונ פאקט זיי אויף גיך אין א קעסטל אונ דערנאך זוכט ער ווידער איין ארט, וואו צו שרייבען אונ מאכט זיך א טיש אויף א דנא פון דער באקדייזשע אונ דער דאקטאר שרייבט.

נאר אט קומט די דיענסט אונ נעמט ביי איהם צו די באקדייזשע אונ דער דאקטער לעגט דאס פאפיער אויף דער קניע אונ שרייבט,

דערנאך טראגט מען ארויס אלע שטוהלען, ניט דא אפילו ווי צו זעצען זיך; נאר דער דאקטאר שפארט אן דאס פאפיער אויף דער וואנט אונ שרייבט שטעהענדיג, האלטענדיג דעם טינטער אין דער קעשענע פון רעקל.

*

ערב פסח.

ביים דאקטאר פילאזאף אין שטוב איז שוין אויפגערוימט, אויסגעפוצט, די קינדערלעך אבגעוואשען, דאס ווייב גרייט צו צום יום טוב.

דער דאקטאר צעלעגט אויף זיין שרייב-טיש נייע פאפיערען אונ פרישע גאזעטען אונ וויל אנהויבען שרייבען.

— ווידער פאפיערען, ווידער שרייבען לויפט צו דאס ווייב.

- ביז אבענד וועל איך נאך מאכען איין ארטיקעל פאר א צייטונג, ענטפערט דער דאקטאר.

— איך וויל ניט, איך וועל ניט לאזען, עס איז ביי מיר אויך יום-טוב, גענוג א גאנץ יאהר, גענוג, איך וויל ביי מיר זאל אויך זיין פסח, ווי אויף דער גאנצער וועלט, איך וויל ניט זעהען קיין פאפיערען... קיינער ארבייט שוין ניט איצטער... איך וועל ניט לאזען...

דער דאקטאר האט די פאפיערען פארשלאסען אין קעסטל אונ איז געגאנגען קויפען פאפיראסען אויף יום-טוב.

דאס קלייטל, וואו דער דאקטאר איז אריינגעגאנגען קויפען, פאפיראסען, איז שוין אויך געווען אויפגערוימט פסח'דיג, די חמצ'דיגע סחורות ליגען בעזונדער אין א ווינקעל פארדעקט מיט זעק אונ די סטאיקעס, אונטער וועלכע עס שטעהט דער קרעמער מיט זיין „יונגעל" איז פארשפרייט מיט נייע גרויסע בויגענס ביבולע פאפיער, פאר־שידענע קונים אונ דאס רוב האלב אנגעטועגע דיענסט-מיידלעך, לויפען אריין, לויפען ארויס מיט פארשידענע גראשענדיגע סחורות, ווי טיי, צוקער, א גלעזל צו א לאמפ. שוועבעלעך א. ד. ג.

דער דאקטאר קויפט די פאפיראסען אונ פרעגט זיין בעקאנטען קרעמער:

— איהר וועט נאך לאנג זיצען אין קראם?

— נאך צוויי שעה, איצט איז פיער דער זייגער, וו'זל איך זיצען ביז זעכס, אנטקעגען וואס פרעגט איהר דאס?

— איך וואלט געוואלט איהר זאלט מיר ערלויבען אייער טינט אונ פעדער, איך ברויך עפיס אנצושרייבען.

דער קרעמער האט איהם געגעבען זיין טינט אונ פעדער אונ דער דאקטאר זעצענדיג זיך ביי איין עק פון דער „סטאיקע", האט אנגעהויבען שרייבען אויף א געקויפטען בויגען פאפיער, רויכערענדיג א פאפיראס נאך א פאפיראס.

זעכס א זייגער, ווען מען האט פארמאכט דאס קלייטל, איז דער קרעמער געגאנגען אהיים מיט דעם היינטיגען פדיון, דאס „יונגעל" מיט דעם שליסעל אין דער האנט אונ דער דאקטאר מיט א פארטיג ארטיקעל וועגען די קינסטלערישע אויסשטעלונג פון מאדערנע מאלעריי אין דער בילדער-גאלעריע.

געהענדיג אזוי פון דער קלייט, האט דער קרעמער אויף דעם קאפ גערעכענט דעם טאגענדיגען פדיון אונ דער דאקטאר די שורות פון זיין ארטיקעל.

---

# פאליטישע ענינים.

— קאסטרא דער פרעזידענט פון ווענעצועלא האט זיך אבגעזאגט פון זיין רעגירונג. באלד זענען זיך צוזאמענגעקומען 25 פון די גרעסטע ווענעצועלאנ'שע שטאטס-מענער אונ האבען געשיקט דעם פרעזידענט א בעשלוס, אז זיי נעמען זיין אבזאגונג נישט אן, קאסטרא אבער האט געענטפערט, אז ער וועט צוריק די הערשאפט נישט אננעמען.

— דער ענגלישער גובערנאטאר איבער דרום־אפריקא האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז מען זאל אלע בורען, וועלכע זענען געפאנגען געווארען, אלס פאליטישע פארברעכער באפרייען אונ זיי אוועקשיקען אין זייערע שטעדט, וואו זיי האבען פריהער געוואהנט.

— אין איטאליע ווארט מען מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף דעם בעזוך וואס דער דייטשער קייזער דארף דארט מאכען. מעהר פון אלעמען ווארט מען אויף איהם ביים פאבסט. דער פאבסט וואס איז איצט זעהר אויפגעבראכט אויף פראנקרייך פאר איהר אויפפיהרונג מיט די גייסטליכע, וויל איצט לעבען גוט מיט דייטש־לאנד פראנקרייכס שונא.

— צווישען דעם געוועזענעם קריגס-מיניסטער אין פראנקרייך קאוועניאק אונ דעם וויצע־פרעזידענט פון פארלאמענט זשארע הערשט א שטארקע מחלוקה, ביידע בעליידיגען אין זייערע בלעטער איינער דעם אנדערען. קאוועניאק האט אויפגעפא־דערט זשארעען אויף א דועל; זשארעס האט די פאדערונג נישט אנגענומען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער פרויען־פעראיין אין האלאנד האט געגרינדעט איין אנשטאלט פאר אלטע פרויען, וועלכע קענען שוין נישט מעהר ארבייטען.

— יאהאנא גרובער אויס פעטשוי (דייטשלאנד) האט בעקומען פון דער ברעסלויער אוניווערזיטעט א פרעמיע פאר א פילאזאפישעס ווערק, וואס זי האט אנגעשריבען.

— אין בערלין האט נישט לאנג געפייערט א בילדהייערין אננא פון קאהלע איהר 60 יעהריגען געבורטסטאג. די דאזיגע מאלערין איז איינע פון די בעריהמטע מאלער אין דייטשלאנד אונ איינינע פון איהרע בילדער זענען געווען אויף פיעל וועלט־אויסשטעלונגען.

— אין פעטערסבורג ארבייט זיך אוים א פלאן צו פאראייניגען מיט א קאנאל דעם אזאווישען ים מיט דעם קאספישען ים. דער קאנאל וועט

זיין לאנג 854 קילאמעטער, ברייט 25,5 מעטער און טיעף 6,75 מעטער. קאסטען דארף דער דאזיגער קאנאל 400 מיליאנען רובל.

— דער „פראוויטעלסטוועני וויעסטניק" איז מודיע, אז דעם 28 פעברואר האבען די ארבייטער פון א ביקסען פאבריק אין זלאטאוסט (אופאמער גוב') געמאכט א „סטאצקע". דער המון האט אויפגעבראכען די טירען און האבען איינגעשאסען פון א רעוואלווער אויף דעם גובער־נאטאר ווען ער איז ארויס פון פאבריק. אויך האט מען לייכט פער־וואונדעט דעם „פאמאשצניק איספראווניק" און א זשאנדאר. די סאלדאטען האבען געמוזט שיסען; דענסמאל ערשט איז זיך דער המון פונאנדער געגאנגען. געבליבען זענען אויף דעם ארט 28 גע'הרג'עטע און 50 פער־וואונדעטע.

— אין אונגארן הערשט גרויסע אונרוהען, דאס רוב אונרוהען קומט פון די שטודענטען, דערוויל איז די אוניווערזיטעט געשלאסען און ווען די אונרוהען וועלען נישט אויפהערען וועט מען זי אין גאנצען פארמאכען.

— איינינע אמעריקאנישע מיליאנערען האבען אבגעקויפט דעם פייער־שפייענדינען בארג פאפאקאטעפעל, וועלכער געפינט זיך אין מעקסיקא פאר א מיליאן דאלאר, כדי ארויסצונעמען די סך שוועבעל, וואס גע־פינט זיך אין איהם. צו דעם צוועק וועלען זיי אבער מיזען מאכען איין אייזענבאהן, וואס זאל גערהן ביז צום שפיץ בארג.

---

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. דער מינסקער גובערנאטאר האט ערלויבט די 150 יודישע פאמיליען, וועלכע מען האט בעפאהלען ארויס צו ציהען פון דער באהן סטאנציע כטאריא דאראגא, צו בלייבען דארטען ווייטער.

— א יודישער סטודענט אין מאסקווא ס. ליפשיץ האט ענטדעקט א מיטעל ווי צו מאכען טעלעפאנען אהן דראטען, דער ערפינדער האט שוין באקומען א פאטענט אויף זיין ערפינדונג.

— פיעל פון די יודישע סטודענטען, וואס האבען בשעת זייער שטודיום באקומען שטיצע פון דער חברה מרבי השכלה האבען אנגע־הויבען אויס צו צאהלען דאס געלד, ווי פיעל די חברה האט פון זייערט־וועגען אויסגעגעבען. אסך פון די וואס באצאהלען די חובות האלטען זיך זעהר גוט און צאהלען אויך יעדען יאהר א היבשע סומע געלד לטובת החברה.

— מאדאם לאה לאבזאווסקאיא, וועלכע האלט א שולע פאר מיידלעך אין פינסק, האט באקומען איין ערלויבניש צו מאכען אין איהר שולע א סטיפענדיום אויף דעם נאמען פון דעם רוסישען פינאנץ מיניסטער וויטע, דאס סטיפענדיום וועט מען געבען איין ארעמע יודישע שילערין, וועלכע וועט זיך אויסצייכענען אין לערנען.

— נישט לאנג האט מען אין ווארשעווער פאלקס־טהעאטער פאר־געשטעלט א נייע דראמא, פון דעם יודיש־פוילישע שרייבער אנדרוזע מארק (מ. ארנשטיין) (דער איינענער שרייבער האט אויך געשריבען איינינע זשארנאנישע בילדער). דאס דראמא הייסט „משוררים" (פיעסניארזע) און איז געגרינדעט אויף איין אמת'ן פאקט פון דעם בעריהמטען ווילנער „בעל־ביתי'ל".

עסטרייך־אונגארן. דער אבגעארדענטער שטרויכער האט גע־פרעגט אין פארלאמענט וואס די עסטרייכישע רעגירונג מיינט וועגען דעם פראטעסט, וואס די אמעריקאנישע רעגירונג האט געשיקט צו רומעניען וועגען די יודען וועלכע זי אונטערדריקט אזוי.

— די פרעמיע, וועלכע עס ווערד יעדעס יאהר געגעבען אין וויען פאר דאס בעסטע בעלעטריסטישע ווערק פון דעם באוערפעלדישען פאנד, האט היינטינעס יאהר בעקומען א יודישער שריפטשטעלער אין דייטש ה' ארטהור שניטצלער. ער איז שוין דער פינפטער יודישער שריפטשטעלער, וועלכער באקומט די פרעמיע פון דעם דאזיגען פאנד.

דייטשלאנד. דער יודישער אבגעארדענטער עדוארד בערנשטיין האט פראטעסטירט אין דייטשען פארלאמענט נעגען די רעגירונג, וואס זי שטעהט פון ווייטען און מישט זיך נישט אריין אין די יודען־פראגע אין רומעניע, וועלכע מיזען בעקומען לויט דעם בער־לינער טראקטאט גלייכע רעכטע מיט אלע בירגער.

פראנקרייך. צו די נייע וואהלען אין פראנקרייך האבען די אנטיסעמיטען געהאט גרויסע מפלות און מען וועהלט זיי זעהר וועניג. אויך האט מען געוועהלט א יודען קרעמיע צום סענאט. אצינד זענען שוין אין פראנצויזישען סענאט דא 4 יודען.

— דער יודישער געלעהרנטער משה שוואב האט אין זיינע א רעדע אויף געוויזען, אז די יודען וואהנען שוין זעהר לאנג אין פראנקרייך. די עלסטע יודישע מצבה אין פראנקרייך טראגט אויף זיך די דאטום פון דעם זעבסטען יאהר־הונדערט לויט די אלגעמיינע וועלט רעכנונג.

— דער משפט וואס די אלמנה פון דעם דערמארדעטען אנרי האט געמאכט אויף דעם יודישען געלעהרטען יוסף ריינאק דערפאר וואס ער האט בעשולדיגט איהר מאן, אז ער האט צוזאמען מיט עסטער־האזען געמאכט פארשידענע פעלשונג, איז אבגעלעגט געווארען אויף דעם 14 מאי. ווי עס איז באקאנט האט די אלמנה געפאדערט 200,000 פראנק, אבער דער סוד האט איהם נאר צוגעמשפט 1000 פראנק, ריינאק איז אבער מיט דעם פסק נישט צופרידען געוועו און האט עס דערלאנגט אין אויבערגעריכט.

---

# ידיעות פון דובאסאר.

— ד"ר י. בערנשטיין כהן אויס קישינעוו שרייבט אין „וואסחאד" וועגען דער רציחה אין דובאסאר:

דער געהרג'עטער בויעריש י. נגל איז איינער פון א סך יורשים, וועלכע האבען צו בעקומען א גרויסע ירושה און ביז דאס יונגל וועט אלט ווערען 21 יאהר קאן מען די ירושה נית צעטיילען. מען רעכענט דעריבער, אז איינער פון די יורשים האט אוועקגעהרג'עט דאס יונגל בכדי מען זאל קאנען באלד זיך צעטיילען מיט די ירושה.

די איינוואהנער פון דובאסאר האבען געמעלדעט דעם פראקו־ראר, אז די פאליציי און די דאקטוירים האבען גענומען געלד און נישט געפאלמעסט דעם טויטען.

די בעאמטע וואס זענען געקומען און האבען אונטערזוכט דעם געהרג'עטען האבען ארויסגעפונען אז די מסירה איז א פאלשע, אז מען האט דעם הרוג יא געפאלמעסט.

די דאקטוירים האבען געמאכט א משפט אויף די מוסרים און דאס וועט פארקומען פאר דעם סוד.

אין שטאדט איז ארויס א קלאנג אז יודען האבען געהרג'עט דאס יונגל צו א רעליגיאזען צוועק און מחמת דעם איז מען אין דובאסאר געוועזן אונרוהיג; אבער באלד איז שטיל געווארען, א דאנק די גבורה פון די דובאסערער, וועלכע האבען געקאנט אבהיטען די ארדענונג אין שטאדט.

— די פעטערסבורגער „נאוואסטי" שרייבט: די אנטיסעמיטישע צייטונגען בעמיהען זיך צו בעווייזען, אז אין דעם מארד שטעקט א רע־ליגיעזער צוועק אונ יעדע דערצעהלט עס אויף איין אנדער אופן. איינע שרייבט, אז דער הרוג האט געהאט 19 ראנעס; ביי דער אנדערע האט זיך די צאהל פארמעהרט ביז 37 אונ ביי דער דריטער האט ער גאר קיין ראנעס נישט געהאט, נאר ביי דעם הרוג איז געווען צוגענייט דאס מויל, די אויגען אונ די אויערען. אט אזוי בעשרייבט יעדע צייטונג אנדערש די רציחה פון דובאסאר.

— ה' יעקב פעלדמאן פון דובאסאר שרייבט אין „פריינד".

„די אנטיסעמיטען אין דובאסאר האבען זיך נישט בעגניגענט מיט דער ערשטער חקירה ודרישה, זיי האבען אוועקגעשיקט א דעפעשע פון 500 ווערטער מיט 73 חתומים, אין וועלכער זיי האבען געזאגט, אז די ערשטע חקירה איז געווען ניט ריכטיג, ווייל דער ארצט פון שטאדט איז א יוד (ה' ל. פאלינקאווסקי). אונ דערום איז פרייטאג דעם 28־טען פעברואר אראבגעקומען א קאמיסיע: דער טאווארישץ־פראקוראר זאכארעוויטש, א דאקטאר פון טיראספאל אונ דער גריגאריאפעלער נאדזיראטעל. דעם 2־טען מארט זונטאג האט מען דעם ריבאלענקא אויס־געגראבען פון קבר אונ אויף דאס ניי אונטערזוכט, אונ ווערלוג ווי מיר האבען געהערט, האט די קאמיסיע בעשטעטיגט דעם פריהערדיגען פראטאקאל.

די יודישע קהלה פון דובאסאר האט געשיקט א בקשה צום גובערנאטאר קיין חערסאן אונ אויך א ביטע צום ארכיי יערעיי קיין אדעס. אונזער ראבינער ד"ר קראסנאוועץ אונ ה' שאנאנסקי זענען אוועקגעפארען קיין חערסאן.

דערווייל איז דער מסחר פון שטאדט געשלאגען, די קלייט־לעך לייזען ניט, די בעלי־מלאכות געהן אום ליידיג. ווענען מעות חטים פאר ארעמע לייט קלערט אפילו קיינער נישט. די איינוואהנער פון די שטעדלעך ארום דובאסאר זענען שטארק אויפגעבראכט".

---

## דער ענין דרייפוס.

אין פראנצויזישען פארלאמענט האט מען שוין געמאכט א הקדמה צום ענין דרייפוס, איינענטליך איז גאר בעהאנדעלט געווארען וועגען די פראגע איבער די גייסטליכע אונ רעדענדיג אונ שפארענ־דיג זיך איז מען אויך צוגעקומען צו דער דרייפוס פראגע. אין דעם וכוח האבען איין אנטייל גענומען: לאזי, דער סאציאליסט רואנא, ריבא א געוועזענע מיניסטער־פרעזידענט אונ זשארע דער היינטי־גער וויצע פרעזידענט פון פארלאמענט. זיי האבען אפילו נישט גע־רעדט וועגען די היינטיגע לאגע, נאר ווי זיי האבען זיך אויפגעפיהרט בשעת דעם משפט מען בעשולדיגט זיך איינער דעם אנדערן, אז מען האט נישט ערליך געהאנדעלט, אז מען האט געשאדעט דאס פאטער־לאנד. צולעצט האט זשארע געזאגט: באלד וועט זיך די מלחמה אנהויבען פון נייעם; איהר מעגט אייך זאגען וואס איהר ווילט, אבער די מלחמה מוז זיך ווידער אנהויבען. יעדער פון אונז האט געבראכט קרבנות צוליב דעם ענין. ריבא ווייסט גאנץ גוט, אז אלע גרעסטע שטאטס־מענער האבען זיך פאראייניגט צו בעשיצען אויף דעם שקר. אויב דאס מיליטער האט באמת געליטען מחמת דעם ענין דרייפוס איז דאס נאר ווייל עסטערהאזי איז אויך געווען איינער פון זייערע אנפיהרער, אונ נישט איינער פון גענעראל־שטאב האט איהם די הענט געקישט אין געריכטס־הויז. ווי לאנג עס וועט נישט בעווי־זען ווערען די אונשולד פון דעם פאלש פאר'משפט'ן אונ די שול־דיקייט פון די אמת'ע פארברעכער וועט די פראגע נישט אויפהערען אונ וועט תמיד זיין אויף דעם טאגעס ארדענונג.

---

## נ. ג. זאקס.

שבת ערב ראש חודש ניסן איז אין ווארשא געשטארבען צו 65 יאהר ר' נחמיה ב"ר גרשון זאקס, דער צענזאר איבער יודישע ספרים, לעהרער פון דער יודישער רעליגיאן אין דעם פיערטען גימנאזיום פאר מיידלעך אונ פרעזידענט פון דעם לעהרער־פעראיין.

ער איז געבארען אין יאהר 1838 אין שטעדטל אופינא (קאוונער גוב.), געלערענט פריהער אין בית־המדרש אונ דערנאך אין ווילנער ראבינער שולע. ער איז געוועזען דער ערשטער יודישער הערויסגעבער פון „ספרי חנוך". 12 יאהר איז ער געוועזען יודישער צענזאר אונ 30 יאהר רעליגיאנס־לעהרער.

די לעצטע יאהרען, ניט קוקענדיג אויף זיינע פיעל בעשעפ־טיגונגען אונ אויף זיין ניט שטארקען געזונד האט ער פיעל צייט אוועקגעגעבען „די חברה צו שטיצען יודישע לעהרער אונ שילער", וואו ער איז פרעזידענט געוועזען. פיעל נייע גוטע איינפיהרונגען האט די חברה צו פארדאנקען איהר פרעזידענט נ. זאקס.

דער פארשטארבענער איז געוועזען בעליבט ניט נאר ביי אלע זיינע שילער אונ שילערינס וועלכע צעהלען זיך אין ווארשא אין די הונדערטער, נאר ביי יעדען ווער עס האט איהם נאר געקענט. ער האט ליב געהאט יעדען א טובה צו טון. ער איז געוועזען א גוטער פאמיליען־פאטער, דער ליבסטער אין געזעלשאפט אונ איז געוועזען א גוטער חבר. תנצב"ה.

---

## אלערליי.

— אמתנה פון 958 מיליאנען מארק האט געשאנקען דער בעוואוסטער אמעריקאנישער מיליארדער קארנעגי אין פארשידענע צייטען פאר די פאלקס ביבליאטהעקען אין פיעל ענגלישע אונ אמעריקאנישע שטעדט.

— דאס רייכטהום פון אייראפא סאי אין הייזער אונ גיטער סאי אין געלד אונ מטלטלין בעטרעפט 1,175 מיליארדען. די רייכסטע רעגירונג איז ענגלאנד, וועלכע האט 295 מיליארדען, דערנאך פראנקרייך 247 מיליארדען, דייטשלאנד—201, רוסלאנד—160, עסטרייך—103, איטאליע—79, בעלגיע—25, האלאנד—22. ווען מען זאל בעטראכטען דאס רייכטהום לויט די צאהל איינוואהנער פון יעדער רעגירונג וועט

ארויסקומען א ביסל אנדערש די איינטיילונג פון דעם רייכטהום; דא וועט אויך די רייכסטע זיין ענגלאנד, דארט קומט אויס אויף יעדען מענשען 7,400 פראנק, דערנאך קומט פראנקרייך — 6,600, האלאנד 4,600, בעלגיע אונ דייטשלאנד — 3,900, עסטרייך אונ איטאליע — 2,500 רוסלאנד 1,500. פארמעהרט האט זיך דאס מעהרסטע רייכטהום אין ענגלאנד פארקלענערט—אין פראנקרייך.

— אויגען פאר בלינדע האט ערפונדען פראפעסאר סטיענס. דער דאזיגער פראפעסאר האט ערפונדען אזא מיטעל, וועלכעס העלפט נישט נאר פאר די וואס האבען די ראיה אנגעווארען נאר אפילו פאר די וואס זענען געבארען געווארען בלינד. דער פראפעסאר סטיענס ערקלערט, אז דער מענש זעהט נישט מיט די אויגען, נאר מיט דעם מח די אויגען זענען נאר אזא מין שפיגעל, דורך וועלכע דער מח זעהט, אונ ווען דער מענש וואלט באשאפען געווארען גאר אהן אויגען וואלטען אנדערע אברים גענוצט צום זעהען. די מאשינע, וואס דער פראפעסאר האט ערפונדען, וועט לויט זיינע רעד נאך פארטרעטען די שטעלע פון דעם אויג אונ וועט דעם מח איבערגעבען דעם געשטאלט פון יעדער זאך.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

---



---





---



Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau